## אפרים אויערבאך

# פאר גרויס און קליין

1) ביבלישע ערציילונגען מיט בילדער
פון פּראָפעסאָר דאַרע

2) מעשה'לאַך, אילוסטריט פון ז. מאָוד



**HEBREW PUBLISHING COMPANY**
**50-52 Eldridge St., New York**
**1921**



# משה'ס געבורט

נאָך יוסף'ס טויט איז אויפגעשטאַנען אַ נייער קעניג אויף מצרים. דער קעניג איז געווען זייער אַ שלעכטער, און ער האָט שטאַרק פיינט געהאַט די אידען, וואָרים זיי האָבען זיך געמערט און פאַרנומען דאָס לאַנד. דער שלעכטער פּרעה האָט ניט געוואָלט געדיינקען, וואָס יוסף, דער אידישער שני-למלך, האָט אַמאָל געטאָן פאַר מצרים, און ער האָט געזוכט עצות, ווי אַזוי די אידען צו פאַר-ביטערען דאָס לעבען.

האָט ער גערופען צו זיך די קלוגע לייט פון'ם לאַנד מצרים און האָט ביי זיי געפרעגט, וואָס זאָל מען טאָן מיט די אידען, וואָס מערען זיך אַזוי און שטאַרקען זיך. האָבען די קלוגע לייט געזאָגט פּרעה'ן, ער זאָל מאַכען די אידען פאַר קנעכט און געבען זיי שווערע אַרבעטען, וועלען זיי זיך אַזוי ניט מערען. האָט פּרעה אַרויפגעלייגט שווערע צינזען אויף די אידען און זיי גענייט צו בויען פאַר אים פעסטונגס-שטעט פיתום און רעמסס, און ער האָט פאַרביטערט זייער לעבען מיט קנעטען ליים און מאַכען ציגעל און מיט אַלערליי שווערע אַרבעטען אויפ'ן פעלד.

ער האָט אַוועקגעשטעלט איבער זיי אויפזעערס, בייזע מצרים, און זיי האָבען געפּייניגט די אידען און געמאַכט זיי שווער דאָס לעבען. אין דער פריה, איידער דער מאָרגענשטערען איז נאָך אויפ-געגאַנגען, פלעגען שוין קומען די מצרים און מיט זייערע ריטער אויפוועקען די אידען:

— שטייט אויף, קנעכט, צו דער אַרבעט.

די אידען האָבען געאַרבעט פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. די בייזע אויפזעערס האָבען זיי אונטערגעטריבען מיט זייערע ריטער:

— אַרבעט, קנעכט, רוט ניט!

אָבער וואָס שווערער די מצרים האָבען מיט די אידען גע־אַרבעט, אַלץ מער האָבען זיי זיך געמערט און האָבען פאַרפלייצט דאָס לאַנד מצרים. פּרעה און זיינע קלוגע לייט האָבען ניט געקענט געפינען קיין עצה, וואָס צו טאָן, אַז די אידען זאָלען זיך אַזוי ניט מערען.

איינמאָל זיינען געקומען צו פּרעה'ן די שטערנזעערס פון מצרים און האָבען צו אים אַזוי געזאָגט:

— גרויסער האַר, מיר האָבען געזען אויפ'ן הימעל אויפגיין אַ נייעם שטערן. אַ זון וועט ביי די אידען געבאָרען ווערען, וואָס וועט זיי באַפרייען פון קנעכטשאַפט און אַרויסנעמען פון מצרים.

אַז פּרעה האָט דאָס דערהערט, האָט ער מורא געהאַט, אַז ער וועט בלייבען אָהן קנעכט, האָט ער באַפוילען, אַז ווען בײַ אַ אידישער מוטער וועט געבאָרען ווערען אַ אינגעל, זאָל מען אים אין טייך אַריינוואַרפען.

אין יענער צייט איז בײַ יוכבד'ן, עמרם'ס ווייב, פון שבט לוי, געבאָרען געוואָרען אַ זון. יוכבד האָט מורא געהאַט, אַז די מצרים זאָלען ביי איר ניט צונעמען דאָס אינגעל און אַריינוואַרפען אין טייך, האָט זי אים באַהאַלטען אין אַ הייל, אַז קיינער זאָל פון אים ניט וויסען.



משה אויפ'ן נילוס

## משה אויפ׳ן טייך נילוס

לאַנג אָבער האָט יוכבד ניט געקענט באַהאַלטען דאָס אינגעל, וואָרים די מצרים האָבען זיך נאָך געקענט דערוויסען און אים צו־נעמען, האָט זי געמאַכט אַ קעסטעל פון האָלץ און אויסגעשמירט עס פון דרויסען מיט פעך און פון אינעווייניג מיט ליים, כדי עס זאָל ניט אַריינקומען קיין וואַסער. שטילערהייט איז זי אַרונטערגע־גאַנגען אין דער הייל מיט איר טאָכטער מרים׳ען, און זיי האָבען אַריינגעלייגט דאָס אינגעל אין קעסטעל. די מוטער האָט געוויינט, געקושט דאָס אינגעל, געבענטשט אים. אַז ס׳זאָל אים קיין בייז ניט געשען, אַוועקגעטראָגען דאָס קעסטעל צום טייך נילוס און אַראָפּגעלאָזען אין וואַסער ביים ברעג וואו ס׳האָט געוואַקסען ראָר.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען בתיה, פּרעה׳ס טאָכטער, מיט אירע באַדינערינס זיך באָדען אין טייך. זי האָט דערזען, אַז אַ קעסטעל שווימט אום אויפ׳ן טייך, האָט זי געשיקט איינע פון אירע דינסטען, זי זאָל אַרויסציען דאָס קעסטעל. די דינסט איז אַריינגעגאַנגען אין טייך, האָט אַרויסגעצויגען דאָס קעסטעל פון וואַסער און האָט עס געבראַכט צו בתיה׳ן פּרעה׳ס טאָכטער.

אַז בתיה האָט אויפגעעפענט דאָס קעסטעל, האָט זי דערהערט אַ געוויין און דערזען, אַז זייער אַ שיין קינד ליגט אין קעסטעל. האָט זי רחמנות געהאַט אויפ׳ן קינד און האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַ אידיש אינגעלע.

בתיה פרעה׳ס טאָכטער, האָט געשיקט רופען אַ זייגערין, זי זאָל אָנזייגען דאָס קינד. אָבער דאָס אינגעל האָט זיך אָפּגעקערט און האָט ניט געוואָלט זייגען פון דער אַמ׳ס מילך.

מרים, די שוועסטער פון דעם אינגעל, איז געשטאַנען פון וויטען און האָט דאָס געזען, איז זי צוגעקומען צו בתיה׳ן און האָט זי געפרעגט:

— זאָל איך גיין רופען פאַר דיר אַ אידישע אַם, זי זאָל אָנזייגען דאָס קינד?

האָט בתיה געזאָגט צו מרים׳ן:

— גיי און רוף מיר אַ אידישע אַם.

איז מרים געגאַנגען און האָט גערופען איר אייגענע מאַמען יוכבד׳ן, אָנצוזייגען דאָס אינגעלע. יוכבד איז געקומען, האָט גענומען דאָס קינד פון בתיה׳ס הענט און געגעבען זייגען, און בתיה האָט געזאָגט צו יוכבד׳ן:

— נאַ דיר דאָס אינגעל, און זייג אים אויס פאַר מיר. איך וועל דיך דערפאַר באַלוינען.

האָט יוכבד גענומען איר אינגעל צו זיך אַהיים און אים געזויגען.



# משה אין פּרעה'ס הויז

אז יוכבד האָט אָנטוויינט דאָס אינגעל, האָט זי אים אָפּגע־בראַכט צו בתיה'ן אין פּרעה'ס הויז. בתיה האָט אים זייער ליב געקראָגען, און האָט אים אַ נאָמען געגעבען משה.

משה איז געוועזן ביי איר ווי אַן אייגען קינד, און פּרעה אַליין האָט אים אויך זייער ליב געהאַט, וואָרים משה איז געוועזן אַ שיין און געראָטען קינד. פּרעה פלעגט אים נעמען צו זיך אויף די הענט און זיך שפּילען מיט אים.

איינמאָל זענען געוועזן בא פּרעה'ן אין פּאַלאַץ די אַלטע לייט און די קלוגע לייט פון'ם לאַנד מצרים. פּרעה איז געזעסען אויף זיין גאָלדענער שטול, פּלוצלונג האָט משה אַראָפּגענומען די גאָלדענע קרוין פון פּרעה'ס קאָפּ און אָנגעטאָן זי אויף זיין קאָפּ. פּרעה'ן איז די שפּיל געפעלען געוואָרען, אָבער די חרטומים האָבען זיך זייער דערשראָקען.

און איינער פון זיי האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך געבוקט פאַר'ן קעניג און געזאָגט:

— גרויסער האַר, דאָס איז אַ שלעכטער סמן. משה וועט בא דיר צונעמען די קרוין, וועט זי אויף זיך אָנטאָן און וועט ווערען אַ קעניג איבער מצרים.

האָט זיך פּרעה אויך דערשראָקען, און האָט שוין געוואָלט הייסען טייטען משה'ן. דאָ איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדערער פון די חרטומים, אַ גוטער מצרי, האָט זיך געבוקט פאַר'ן קעניג און האָט געזאָגט:

— גרויסער האַר. דאָס איז אַ שלעכטער סמן. משה וועט באַ ניט וויסען, צו האָט ער געמיינט מיט דעם צונעמען דיין קרוין. מיר וועלען אים אויספּרואוון מיט פייער און מיט גאָלד, וואָס פון די ביידע זאַכען ער וועט נעמען. וועט ער נעמען דאָס גאָלד, וועלען מיר וויסען, אַז ער איז אַ קלוגער, און דו וועסט אים הייסען טייטען. טאָמער וועט ער אָבער נעמען דאָס פייער, וועסטו אים לאָזען לעבען.

איז פרעה'ן געפעלען געוואָרען, וואָס דער גוטער פון די חרטומים האָט געזאָגט, און ער האָט געהייסען זיינע דינער זיי זאָלען ברייננגען צוויי כלים: איינע מיט פייער, די אַנדערע מיט גאָלד.

האָבען די באַדינער געבראַכט צוויי טאַצען. אויף איין טאַץ איז געלעגען אַ שטיק לויטער גאָלד, אויף דער אַנדערער — פייערדיגע קוילען. מען האָט צוגעטראָגען משה'ן די ביידע טאַצען צו זען וואָס ער וועט נעמען. משה האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געוואָלט נעמען דאָס גאָלד. איז געקומען פון הימעל דער מלאך גבריאל, האָט אַוועקגענומען זיין האַנט פונ'ם גאָלד און צוגעטראָגען זי צום פייער. משה האָט געכאַפּט אַ ברענענדיגע קויל און זי אַריינגענומען אין מויל. אַז פרעה און די חרטומים האָבען דאָס געזען, האָבען זיי ניט געוואוסט, אַז אַ מלאך פון הימעל האָט צוגענומען משה'ס האַנט פונ'ם גאָלד. זיי האָבען געמיינט, אַז ער איז אַ נאַר, און האָבען אים דערפאַר געלאָזט לעבען.

## משה אנטלויפט פון פרעה'ס הויז

און משה איז ווייטער געבליבען ביי פרעה'ן אין פאַלאַץ. ער איז געוואַקסען אין רייכקייט און אין גרויסקייט, ווי אַ קעניגס אַ זון. נאָר אַז ער איז גרויס געוואָרען, האָט אים גענומען ציען צו זיינע ברידער, די אידען, וואָס זענען געווען קנעכט באַ פרעה'ן. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז פרעה אַרבעט מיט זיי שווער, אַז זיי קנעטען ליים און מאַכען ציגעל און אַז זיי טוען אַלערליי שווערע אַרבעטען אויפ'ן פעלד, און דאָס האַרץ האָט אים וויי געטאָן פאַר זיי.

ער האָט ניט געקוקט אויף זיין הויכען ראַנג, וואָס ער איז אויס-געוואַקסען אין קעניגס פאַלאַץ, און אַלע טאָג פלעגט ער אַרויסקומען צו זיינע ברידער, וואו זיי האָבען געאַרבעט. ער פלעגט זיי טרייסטען, כדי צו מאַכען זיי גרינגער אויפ'ן האַרצען, און ער פלעגט זיי אויך העלפען אַרבעטען.

איינמאָל איז ער אַרויסגעקומען אין פעלד און האָט געזען, ווי אַ בייזער אויפזעער שלאָגט אַ שוואַכען אידען, וואָס האָט שוין קיין כח ניט צו אַרבעטען. האָט עס משה'ן שטאַרק וויי געטאָן, און זיין צאָרן האָט זיך אין אים אָנגעצונדען. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום בייזען מצרי און האָט אים דערשלאָגען אויף טויט.

אויף מאָרגען איז משה ווידער אַרויסגעקומען אין פעלד און האָט געזען, ווי צוויי אידען קריגען זיך, און איינער פון זיי, אַ שלעכטער, שלאָגט זיין חבר, האָט ער געזאָגט צום שלעכטען אידען:

— רשע, פאַר וואָס זאָלסטו שלאָגען דיין אייגענעם ברודער?

האָט אים דער שלעכטער איד געענטפערט:

— ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ הערשער און פאַר אַ ריכטער איבער אונז? ווילסט מיך אפשר אויך טייטען, ווי דו האָסט געטייט נעכטען דעם מצרי?

האָט זיך משה דערשראָקען, אַז פּרעה זאָל זיך ניט דערוויסען, דאָס ער האָט געטייט אַ מצרי, און אַז ער נעמט זיך אָן פאַר די אידען, האָט ער גאָרנישט געענטפערט דעם שלעכטען אידען און האָט זיך אומגעקערט צוריק אין פּאַלאַץ.

אָבער צו פּרעה'ן איז שוין דערגאַנגען, וואָס משה האָט נעכטען געטאָן, און אַז משה איז געקומען אין פּאַלאַץ, האָט פּרעה גענומען אַ שווערד און געוואָלט אים אָראָפּהאַקען דעם קאָפּ. האָט גאָט געמאַכט משה'ס האַלז האַרט ווי שטיין, און פּרעה'ס שווערד האָט זיך צובראָכען. משה האָט דערזען, אַז פּרעה זוכט אים צו טייטען, איז ער אַנטלאָפען פון פּאַלאַץ.

# משה אין דער מדבר

משה איז אַנטלאָפן פון דער שטאָט, וואו פּרעה האָט גע־וואוינט, און איז אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז ער איז געקומען אין דער מדבר. ער האָט געוואַנדערט אין דער מדבר איבער די הייסע זאַמדען. די זון האָט אים געברענט דעם קאָפּ, און דאָס זאַמד האָט אים גע־ברענט די פיס.

משה האָט אַזוי לאַנג געוואַנדערט אין דער מדבר, ביז ער האָט דערזען פון וויטען גרינע לאָנקעס און סטאַדעס שאָף, וואָס האָבען זיך דאָרטען געפּיטערט. דאָס זענען געווען די לאָנקעס פון דער שטאָט מדין און די פּאַסטוכער פון דאָרטען.

משה איז געקומען צום טויער פון דער שטאָט און האָט זיך געזעצט באַם ברונען.

יתרו, דער עלטסטער כהן פון מדין, האָט געהאַט זיבען טעכטער, און זיי האָבען געפּיטערט זייער פאָטערס שאָף. זענען זיי אָנגע־קומען פאַרנאַכט צום ברונען אָנצוטרינקען זייערע דאָרשטיגע שאָף. זיי האָבען אָנגעשעפּט וואַסער פון ברונען און אָנגעפּילט די קאָריטעס. זענען געקומען די אַנדערע פּאַסטוכער פון מדין, האָבען פאַרטריבען די זיבען שוועסטער און אויסגעגאָסען דאָס וואַסער פון די קאָריטעס.

אַז משה האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אָנגענומען פאַר יתרו׳ס טעכטער. ער האָט פאַרטריבען די פּאַסטוכער, האָט אָנגשעפּט פאַר זיי אַנדער וואַסער, און זיי האָבען אָנגעטרונקען זייערע שאָף.

משה איז געבליבען באַם ברונען, אָן די שוועסטער זענען געקומען אַהיים מיט זייערע סטאַדעס.

האָט זיי יתרו, זייער פאָטער, געפרעגט:

— פאַרוואָס זענט איר היינט אַזוי פרי אַהיים געקומען?

האָבען איס די טעכטער געענטפערט:

— אַ מצרי, וואָס איז געזעסען באַם ברונען, האָט זיך אַנגענומען פאַר אונז, און האָט פאַרטריבען די אַנדערע פּאַסטוכער. ער האָט אויך אָנגעשעפּט פאַר אונז וואַסער פון ברונען.

האָט יתרו זיי געזאָגט:

— פאַר וואָס זשע האָט איר אים איבערגעלאָזען באַם ברונען? גייט ברייגגט אים, און זאָל ער עסען מיט אונז ברויט.

זענען די טעכטער צוריקגעלאָפען צום ברונען, האָבען גערופען משה'ן צו זייער פאָטער אין הויז אריין און משה איז מיט זיי געגאַנגען.

יתרו האָט אים באַגעגענט מיט גרויס כבוד און האָט פאַר אים געמאַכט אַ מאָלצייט.

פון דאַמאָלסט אָן איז משה פאַרבליבען אין יתרו'ס הויז. ער האָט געפיטערט זיינע שאָף אויף די לאָנקעס פון מדין, און דערפאַר האָט ער געגעסען ביי אים ברויט און געטרונקען וואַסער.

ער האָט זיך זייער צוגעבונדען צו יתרו'ן און זיין הויזגעזינט, און ער האָט גענומען איינע פון יתרו'ס זיבען טעכטער צפּורה'ן פאַר אַ ווייב. צפּורה האָט אים געבאָרען אַ זון, און משה האָט אים אַ נאָמען געגעבען גרשום.



# משה און דער דאָרנבוים

משה האָט זייער ליב געהאַט די שאָף און לעמעלאַך, וואָס ער האָט געפּיטערט. ער פלעגט פאַר זיי אויסזוכן די בעסטע פּאַשע, ער פלעגט זיי אָנטרינקען פונ׳ם קלאָרסטן און ריינסטן וואַסער. און אַז די יונגע לעמעלאַך פלעגן זיך אין אַ זוניקן טאָג צעטאַנצן אויף דער לאָנקע, פלעגט משה פאַר זיי שפּילן אויף זיין הילצערנעם פייפעל.

די שאָף און די לעמעלאַך האָבן אים אויך ליב געהאַט, און ווען אַ שטורעם פלעגט אָנקומען אין דער מדבר, פלעגן זיך אַלע סטאַדעס צונויפזאַמלען אַרום משה׳ן און שטומערהייט בעטן אים, ער זאָל זיי אַרונטערפירן אונטער אַ דאַך. און אַז אַ לעמעלע איז געווען שוואַך און האָט ניט געקאָנט נאָכהאַלטן דער סטאַדע, האָט עס משה גענומען אויף די פּלייצעס און געטראָגן.

איינמאָל, אין אַ הייסן זומער טאָג, האָט משה געפּיטערט יתרו׳ס שאָף. ער האָט געזוכט פאַר זיי בעסערע פּאַשע און ער איז דעריבער פאַרגאַנגען ווייט אין דער מדבר.

ער איז געקומען צו אַ הויכן באַרג און האָט זיך אָפּגעשטעלט פּיטערן די סטאַדעס. די שאָף האָבן זיך צעשפּרייט איבער די לאָנקעס. און משה האָט זיך געזעצט אונטער׳ן באַרג און אַכטונג געגעבן אַז זיי זאָלן זיך ניט צעלויפן.

פּלוצלונג האָט זיך משה׳ן באַוויזן אַ וואונדערליך בילד: ער האָט דערזען פון ווייטן אַ פייער, וואָס האָט געברענט מיט אַזאַ פלאַם, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט געזען. און ער האָט געזען, אַז אַ דאָרנבוים ברענט און ברענט און ווערט ניט פאַרברענט.

אַז משה איז צוגעגאַנגען נענטער, האָט ער דערהערט אַ שטים, וואָס איז געקומען פונ׳ם ברענענדיקן דאָרנבוים. די שטים האָט גערופן צו אים:



משה פאר פרעה'ן

— משה, משה! איך רייד צו דיר, דער גאָט פון דיינע עלטערן. ציִ אַרונטער די שיך פון דיינע פיס, וואָרים די ערד, וואָס דו שטייסט אויף איר, איז אַ הייליגע.

האָט משה אַראָפּגעצויגען די שיך פון די פיס. און דערנאָך האָט ער פאַרדעקט זיין געזיכט, וואָרים ער האָט מורא געהאַט צו קוקען אויף גאָט.

און גאָט האָט ווייטער גערעדט צו משה׳ן:

— איך האָב געהערט די קרעכצען און די געוויינען פון מיין פאָלק, די אידען, וואָס זענען קנעכט ביי פּרעה׳ן אין מצרים, און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער שבועה, וואָס איך האָב געשוואָרען צו זייערע אורעלטערען: אברהם יצחק און יעקב, אריינצובריינגען זיי אין דעם לאַנד כנען. און איצטער גיי, איך וועל דיך שיקען צו פּרעה׳ן, און נעם אַרויס די אידען פון מצרים און ברייננ זיי אין דעם לאַנד כנען, ווי איך האָב צוגעזאָגט זייערע אורעלטערען.

האָט משה געענטפערט:

— ווער בין איך, וואָס איך זאָל גיין צו פּרעה׳ן און זאָל אַרויס-נעמען די אידען פון מצרים?

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— איך וועל זיין מיט דיר, וואוהין דו וועסט גיין.

האָט משה געזאָגט צו גאָט:

— די אידען וועלען מיר ניט גלייבען: זיי וועלען זאָגען, אַז גאָט האָט זיך צו מיר ניט באַוויזען.

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— וואָס האַלטסטו אין דיין האַנט?

האָט משה געענטפערט:

— אַ שטעקען.

און גאָט האָט געזאָגט:

— וואַרף אים צו דער ערד.

האָט משה געוואָרפען דעם שטעקען צו דער ערד, און ס׳איז פון אים געוואָרען אַ שלאַנג. ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דער שלאַנג און איז אַנטלאָפען פון איר.

האָט איִם גאָט געהייסען, ער זאָל אויסשטרעקען זיין האַנט און אָנהאַלטען די שלאַנג בײַם עק. האָט משה אַזוי געטאָן, און פון דער שלאַנג איז צוריק געוואָרען אַ שטעקען אין זיין האַנט.

דערנאָך האָט גאָט געהייסען משה׳ן ער זאָל אַריינלייגען זיין האַנט אין בוזים. משה האָט אַזוי געטאָן, און אַז ער האָט די האַנט צוריק אַרויסגעצויגען פון בוזים, איז זי געווען ווייס ווי שניי. האָט איִם גאָט געהייסען ווידער אַריינלייגען די האַנט אין בוזים, און אַז ער האָט זי דערנאָך אַרויסגעצויגען, איז זי געווען צוריק ווי געוויינטליך.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— אויב די אידען וועלען דיר ניט וועלען גלייבען, ווען דו וועסט זיי ווייזען דעם ערשטען צייכען מיט׳ן שטעקען, וועלען זיי גלייבען דעם צווייטען צייכען מיט דער האַנט און אויב זיי וועלען ניט גלייבען די ביידע צייכענס און וועלען אַלץ נאָך זאָגען, אַז איך האָב דיך ניט געשיקט, זאָלסט נעמען אַביסעל וואַסער פון טייך און אַרויסגיסען אויף דער טריקעניש. וועט ווערען בלוט פון׳ם וואַסער.

אָבער משה האָט ווייטער געזאָגט, אַז ער וויל ניט גיין, ווייל ער איז אַ שטאַמלער: בעת ער איז געווען אַ קינד, האָט איִם פרעה אויסגעפּרואווט מיט פייער און מיט גאָלד. ער האָט געכאַפּט אַ ברענענדיגע קויל אין מויל און האָט זיך אָפּגעברענט די צונג.

האָט גאָט פאַרדראָסען אויף משה׳ן, און ער האָט געזאָגט:

— אהרן דיין ברודער וועט ריידען פאַר דיר. איר וועט זיך באַגעגענען אויפ׳ן וועג, און דו זאָלסט איִם איבערגעבען אַלע מיינע רייד צו דיר, וועט ער פונדיינטוועגען רעדען פאַר פרעה׳ן. און דעם שטעקען זאָלסטו מיטנעמען מיט זיך, וואָרים מיט איִם וועסטו באַווייזען די צייכענס.

---

## משה רעדט צו די אידען

דער דאָרענבוים איז פאַרלאָשען געוואָרען. משה האָט צונויפ-גענומען די צעשפּריטע שאָף און האָט זיך אומגעקערט אַהיים צו זיין שווער יתרו׳ן, און ער האָט געזאָגט צו אים:

— איך וועל זיך אומקערען צו מיינע ברידער אין מצרים און זען, צו זיי לעבען נאָך.

האָט אים יתרו זיין שווער געבענטשט אויפ׳ן וועג און משה האָט גענומען זיין ווייב צפּורה מיט זיינע צוויי זין, האָט זיי אַרויפ-געזעצט אויף אַן אייזעל און ער האָט זיך אומגעקערט אין מצרים צו זיינע ברידער די אידען, וואָס זענען דאָרטען געוועזען קנעכט.

אויפ׳ן וועג האָט ער זיך באַגעגענט מיט זיין ברודער אהרנ׳ען, און זיי זענען אינאיינעם געגאַנגען דורך דער מדבר, ביז זיי זענען געקומען אין מצרים. יענער קעניג פון מצרים, וואָס האָט געזוכט צו טייטען משה׳ן, איז שוין איצט געווען טויט, און משה האָט קיין מורא ניט געהאַט אַריינצוקומען אין לאַנד. און געקומען זענען משה מיט אהרנ׳ען גלייך צו די אידען אויפ׳ן פעלד. זיי האָבען צונויפ-געזאַמעלט אַלע אַלטע אידען פנ׳ם לאַנד און זיי האָבען זיי דערציילט, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן; זיי האָבען זיי אויך באַוויזען די וואונדער מיט׳ן שטעקען.

ווען די אידען האָבען דערהערט, אַז גאָט האָט זיך אָן זיי דערמאָנט, זענען זייערע הערצער אָנגעפילט געוואָרען מיט פרייד, און זיי האָבען געגלייבט אַלצדינג, וואָס משה מיט אהרנ׳ען האָבען זיי געזאָגט.

# פרעה מאכט שווערער דאס לעבען פון די אידען

משה מיט אהרנ׳ען האָבען פארלאָזט די אידען, זענען געגאַנגען צו פרעה׳ן, דעם מלך פון מצרים, און האָבען צו אים אַזוי געזאָגט:

— אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער גאָט פון די אידען: דו זאָלסט אַרויסשיקען מיין פאָלק און זאָלען זיי מיר דינען און מאַכען מיר אַ פייער-טאָג אין דער מדבר.

האָט פרעה זיי געענטפערט:

— ווער איז ער, דער גאָט, וואָס איך זאָל אים הערען און אַרויסשיקען די אידען?

פרעה האָט די אידען ניט געוואָלט אַרויסשיקען, און ער האָט נאָך יענעם טאָג אָנגעזאָגט די באַצווינגערס און די אויפזעערס איבער די אידען, זיי זאָלען מער ניט געבען די אידען קיין שטרוי אויף אַריינצומישען אין די ציגעל, און די צאָל ציגעל, וואָס זיי האָבען געמאַכט ביז אַהער, מוזען זיי ווייטער אויך מאַכען, עס טאָר ניט געמינדערט ווערען.

זיינען אַרויסגעגאַנגען די באַצווינגערס און די אויפזעערס און האָבען געזאָגט צו די אידען:

— אַזוי האָט געזאָגט פרעה: איך גיב אייך מער ניט קיין שטרוי. איר גייט און נעמט זיך אַליין שטרוי, וואו איר וועט געפינען, און פון אייער אַרבעט זאָל גאָרנישט ניט ווערען געמינדערט.

האָבען זיך די אידען פאַרשפּרייט איבער׳ן גאַנצען לאַנד מצרים צו קלייבען שטרוי, און די באַצווינגערס האָבען זיי אונטערגעטריבען און געזאָגט:

— טוט אָפּ אייער אַרבעט אַלע טאָג, ווי איר האָט געטאָן, בעת איר האָט געהאַט פאַרטיג שטרוי.

די אידישע אויפזעערס האָבען ניט געקענט צוזען, ווי זייערע ברידער אַרבעטען אַזוי שווער, ווי זיי האָבען ניט קיין רו אַפילו ביינאַכט, זענען זיי געקומען צו פרעה׳ן אין פּאַלאַץ און האָבען געזאָגט:

— פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי טאָן צו דיינע קנעכט? קיין שטרוי ווערט ניט געגעבען צו דיינע קנעכט, און ציגעל הייסט מען אונז מאַכען! דיינע קנעכט ווערען דערפאַר געשלאָגען, און דיין פאָלק, די מצרים זינדיגען.

האָט פרעה זיי געענטפערט:

— איר פוילט זיך, דערפאַר זאָגט איר: מיר ווילען גיין דינען גאָט. אַצינד גייט צו דער אַרבעט: קיין שטרוי וועט אייך ניט געגעבען ווערען, און די צאָל ציגעל זאָלט איר אַרויסגעבען.

ווען די אידישע אויפזעערס זענען אַרויסגעגאַנגען פון פרעה'ן, האָבען זיי באַגעגענט משה'ן און אהרנ'ען. האָבען די אויפזעערס געזאָגט צו זיי:

— זאָל גאָט אייך משפט'ען דערפאַר, וואָס איר האָט אונז ערגער געמאַכט דאָס לעבען און געגעבען פרעה'ן און די מצרים אַ שווערד אין די הענט צו טייטען אונז.

משה האָט געהערט, וואָס די אידישע אויפזעערס האָבען אים דערציילט, און דאָס האַרץ האָט אים וויי געטאָן אויף זיינע ברידער, די אידען. איז ער אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן פעלד, האָט אויפגעהויבען זיין פנים צום הימעל און האָט געבעטען צו גאָט:

— מיין האַר, וואָס האָסטו געהאַט צו די אידען? נאָכוואָס האָסטו מיך געשיקט? זינט איך בין געקומען צו פרעה'ן און גערעדט צו אים אין דיין נאָמען, האָט ער נאָך מער שלעכטס געטאָן דעם פאָלק, און אויסלייזען האָסטו זיי ניט אויסגעלייזט.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— אַצינד וועסטו זען, וואָס איך וועל טאָן צו פרעה'ן. מיט בייזען וועט ער זיי מוזען אַרויסשיקען, און ער וועט זיי אַליין אַרויס-טרייבען פון זיין לאַנד.

— גייט צו פרעה'ן און זאָגט אים, ער זאָל אַרויסשיקען די אידען פון מצרים, און ער וועט ניט וועלען, וואָרים איך וויים, אַז זיין האַרץ איז בייז און שלעכט. זאָלט איר אים זאָגען, אַז איך וועל אויף אים אַנברייננגען אַ פלאָג און ער וועט זיי מוזען אַרויסשיקען.

# גאָט שטראָפט פּרעה'ן

זענען געקומען משה מיט אהרנ'ען צו פּרעה'ן און האָבען געטאָן, ווי גאָט האָט זיי אָנגעזאָגט. אהרן האָט געוואָרפען זיין שטעקען פאַר פּרעה'ן און פאַר זיינע קנעכט, און ער איז געוואָרען אַ שלאַנג. האָט פּרעה גערופען זיינע כשוף-מאַכער, און זיי האָבען מיט זייערע שפּרוכען אויך אַזוי געטאָן. זיי האָבען געוואָרפען זייערע שטעקענס, און סע איז פון זיי געוואָרען שלאַנגען. אָבער צוריק מאַכען פון זיי שטעקענס, האָבען זיי מיט זייערע שפּרוכען ניט געקענט. אהרן אָבער האָט אָנגעהאַלטען ביים עק פון דער שלאַנג, איז פון איר צוריק געוואָרען אַ שטעקען אין זיין האַנט.

נאָר פּרעה האָט געשטאַרקט זיין האַרץ און האָט ניט געוואָלט אַרויסשיקען די אידען.

איינמאָל, אין אַ פרימאָרגען איז משה אַרויסגעגאַנגען צום וואַסער, און פּרעה איז אויך אַרויסגעקומען צום וואַסער. האָט זיך משה געשטעלט קעגען אים און האָט געזאָגט:

— דער גאָט פון די אידען האָט מיך געשיקט צו דיר, און געהייסען דיר זאָגען: „שיק אַרויס מיין פאָלק, און זאָלען זיי מיר דינען אין דער מדבר. דו האָסט ביז איצט ניט געוואָלט הערען, און דערפאַר וועל איך ברייגנען אויף דיין לאַנד אַ פּלאָג".

משה האָט אויפגעהויבען זיין האַנט צום הימעל, און ס'איז געקומען אַ האָגעל איבער'ן גאַנצען לאַנד מצרים: אויף די מענשען, אויף די בהמות און אויף אַלע גראָזען פון פעלד. עס האָט געדונערט און דער האָגעל איז געפאַלען אויף דער ערד, אויסגעמישט מיט פייער, און האָט אַלץ פאַרדאָרבען. נאָר אין לאַנד גושן, וואו די אידען האָבען געוואוינט, איז קיין האָגעל ניט געווען.

פּרעה איז אַנטלאָפען אין זיין פּאַלאַץ, האָט געשיקט רופען משה'ן מיט אהרנ'ען און צו זיי געזאָגט:

— איך האָב דאָס מאָל געזינדיגט. גאָט איז דער גערעכטער, און איך און מיין פאָלק זענען די רשעים. מאַכט, אַז סע זאָלען אויפהערען די דונערען, און דער האָגעל זאָל אויפהערען, און איך וועל אייך אַרויסשיקען אין דער מדבר צו דינען אייער גאָט.

איז משה ארויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט, און האָט אויס-געשפרייט זיינע הענט צום הימעל. גלייך האָבען אויפגעהערט די דונערען, און דער האָגעל און רעגען זענען געבליבען הייגען אין לופטען, צווישען ערד און הימעל, און זענען צו דער ערד ניט אַראָפּ-געפאַלען.

ווי נאָר פּרעה האָט דערזען, אַז דער האָגעל האָט אויפגעהערט, האָט ער ווייטער געשטאַרקט זיין הארץ און האָט ניט אַרויסגעשיקט די אידען.

איז משה ווייטער געקומען צו פּרעה'ן און האָט אים געזאָגט:

— אַזוי האָט גאָט געזאָגט: „ביז ווי לאַנג נאָך וועסטו מיך ניט וועלען הערען? שיק אַרויס מיין פאָלק, און אויב דו וועסט ניט וועלען, וועט גאָט ברייגגען אַ היישעריק אין דיינע גרעניצען. און ער וועט אַזוי באַדעקען דאָס לאַנד, אַז איר וועט אַפילו די ערד ניט אַרויסזען".

האָט פּרעה ניט געוואָלט הערען משה'ן, און משה איז פון אים אַוועקגעגאַנגען.

אַז משה איז אַוועקגעגאַנגען, זענען געקומען פּרעה'ס דינער צו פּרעה'ן און האָבען צו אים געזאָגט:

— ביז ווי לאַנג וועסטו ברייגגען אויף אונז שלעכטס? שיק ארויס די אידען, איידער מצרים גייט פאַרלאָרען.

פּרעה האָט געזען, אַז זיינע דינער שרעקען זיך, איז ער ווייכער געוואָרען, און האָט געשיקט איינעם פון זיינע מענטשען, ער זאָל אומקערען משה'ן מיט אהרנ'ען פונ'ם וועג, און פּרעה האָט צו זיי געזאָגט:

— גייט און דינט אייער גאָט. ווער פון אייך וועט אָבער גיין?

האָט משה געזאָגט:

— אונזערע יונגע און אונזערע אַלטע ווע‏לען גיין, אונזערע זין און אונזערע טעכטער, אונזערע שאָף און אונזערע רינדער וועלען גיין, וואָרים ס'איז אַ גרויסער פייער־טאָג צו אונזער גאָט.

האָט פּרעה געזאָגט:

— ניין, ניט אַזוי ווי דו זאָגסט. איך וועל אַרויסלאָזען נאָר די מענער, און זאָלען זיי דינען צו גאָט.

משה האָט אויף דעם ניט איינגעשטימט. און פּרעה האָט דערפאַר פאַרטריבען משה'ן מיט אהרנ'ען פון זיין פּאַלאַץ.

איז משה ווידער אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט, האָט אויסגעשפּרייט זיין האַנט, און דער היישעריק איז אָנגעפאַלען אויפ'ן לאַנד מצרים. ער האָט אויפגעגעסען דאָס גאַנצע גראָז פונ'ם פעלד, וואָס דער האָגעל האָט איבערגעלאָזט, און אַלע פרוכטען פון די ביימער האָט ער אויפגעגעסען. עס איז ניט איבערגעבליבען קיין גרין בלעטעלע אויף די ביימער, און קיין גרין גרעזעלע אויף דער ערד אין גאַנצען לאַנד.

אַז פּרעה האָט געזען, ווי דער היישעריק האָט באַדעקט גאַנץ מצרים, האָט ער געשיקט רופען משה'ן מיט אהרנ'ען און האָט צו זיי געזאָגט:

— איך האָב געזינדיגט צו גאָט און צו אייך. אַצינד פאַרגיט מיר נאָך דאָס מאָל מיין זינד און בעט אייער גאָט, ער זאָל צונעמען פון מיין לאַנד דעם היישעריק, וועל איך אַרויסשיקען די אידען.

משה איז אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט און האָט גע־בעטען צו גאָט, איז געקומען אַ שטאַרקער ווינט פון מזרח זייט און ער האָט פאַרטראָגען דעם היישעריק צום ים. ס'איז ניט איבער־געבליבען קיין איין היישעריק אין די גרעניצען פון מצרים.

אָבער ווי נאָר פּרעה האָט דערזען, אַז דער היישעריק איז שוין נישטאָ מער אין זיין לאַנד, האָט ער ווייטער געשטאַרקט זיין האַרץ און האָט ניט געוואָלט אַרויסשיקען די אידען.

איז משה אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן פעלד, האָט אויסגעשפּרייט זיין האַנט צום הימעל, און ס'איז אָנגעפאַלען אַ שטאָק־פינסטערניש

אויף מצרים. די מצרים האָבען ניט געזען איינער דעם צווייטען. זיי האָבען אפילו מורא געהאַט צו רירען זיך פון זייערע פּלעצער ווי זיי זענען געזעסען בשעת די פינסטערניש איז אָנגעקומען, אַזוי זענען זיי געבליבען זיצען אויף זייערע ערטער. און אַזוי געדיכט איז געווען די פינסטערניש, אַז די מצרים האָט זיך געדאַכט, אַז סע איז פאַר זיי אויגעוואַקסען אַ וואַנט.

באַ די אידען אָבער אין די געצעלטען איז געווען ליכטיג, ווי אַלע מאָל.

די פינסטערניש האָט געדויערט דריי טעג. און די גאַנצע דריי טעג זענען די אידען אַרומגעגאַנגען אין דער ליכטיגקייט, און די מצרים זענען געזעסען אין זייערע הייזער, אָדער זיי זענען געשטאַנען אין די גאַסען און האָבען מורא געהאַט זיך צו רירען.

נאָך די דריי טעג איז אין מצרים צוריק געוואָרען ליכטיג, און פרעה האָט ווידער ניט געוואָלט אַרויסשיקען די אידען. משה האָט אויף מצרים געבראַכט נאָך אַנדערע פּלאָגען, אָבער פרעה'ס בייז האַרץ האָט אים ניט דערלאָזט, ער זאָל באַפרייען די אידען.



# משה פירט ארויס די אידען פון מצרים

עס איז געקומען די נאַכט אויפ'ן פופצענטען טאָג אין חודש ניסן, און אין האַלבער נאַכט האָט גאָט געבראַכט אויף מצרים די לעצטע פּלאָג. עס זענען אויסגעשטאָרבען אַלע ערשטגעבאָרענע זין פון מצרים, פון פרעה'ס ערשטגעבאָרענעם זון, וואָס איז געווען אין קעניגליכען פּאַלאַץ, ביז'ן ערשטגעבאָרענעם זון פון'ם געפאַנגענעם, וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט אין גרוב.

ס'איז ניט געווען קיין הויז אין מצרים, וואו ס'איז ניט געווען קיין טויטער. אין אַלע הייזער האָט מען געוויינט, און גרויס איז געווען דאָס געשריי אין מצרים.

האָט פרעה גערופען משה'ן און האָט געזאָגט צו אים:

— שטייט אויף און גייט אַרויס פון מיין לאַנד צו דינען אייער גאָט, ווי איר האָט געוואָלט. נעמט אויך מיט אייערע שאָף און אייערע רינדער, ווי איר האָט געוואָלט, און בענטשט מיך אויך.

און די מצרים האָבען געאיילט די אידען, זיי זאָלען וואָס פריער פאַרלאָזען דאָס לאַנד, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, זיי זאָלען ניט אויסשטאַרבען אַלע.

פון גרויס איילעניש האָבען די אידען ניט געקענט באַקען קיין ברויט פאַר זיך, און זיי האָבען גענומען אויף זייערע פּלייצעס דאָס טייג, נאָך איידער ס'איז זויער געוואָרען, און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים זעקס הונדערט טויזענט מאַן.

משה האָט אויך מיטגענומען יוסף'ס ביינער, וואָרים יוסף האָט באַשוואָרען די אידען פאַר זיין טויט:

— אַז גאָט וועט זיך דערמאָנען אָן אײַך, און וועט אײַך אַרײַנברענגען אין לאַנד כנען, זאָלט איר מיטנעמען מיט זיך מײַנע ביינער.

אויפ'ן צווייטען טאָג, נאָכדעם ווי פּרעה האָט אַרויסגעשיקט די אידען פון מצרים, האָט ער זיך באַדיינקט און האָט געזאָגט צו זיינע האַרען:

— וואָס האָבען מיר געטאָן? נאָכוואָס האָבען מיר אַרויסגע־שיקט די אידען? זיי וועלען דאָך איצט שוין מער ניט זיין אונזערע קנעכט.

האָט פּרעה געהייסען איינשפּאַנען זיין רייטוואָגען, ער האָט גענומען מיט זיך זעקס הונדערט אויסגעקליבענע רייטערס און האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגען די אידען.

אַז פּרעה איז אַרויסגעקומען אין דער מדבר און האָט דערזען ווי די אידען רוען באַם ים, האָט ער געמיינט, אַז זיי בלאָנדזשען אין דער מדבר, און דעריבער וועט ער זיי קאָנען אָניאָגען און כאַפּען.

אַז די אידען האָבען אויפגעהויבען זייערע אויגען און האָבען דערזען, ווי דאָס זאַמד אין דער מדבר הייבט זיך אויף צום הימעל, און רייטער באַווייזען זיך פון ווייטען, האָבען זיי זיך זייער דער־שראָקען, און האָבען אויפגעהויבען אַ געוויין צו גאָט.

האָט משה געזאָגט צום פאָלק:

— איר זאָלט קיין מורא ניט האָבען, איר וועט זען, וואָס גאָט וועט היינט טאָן פאַר אײַך. היינט זעט איר נאָך די מצרים, אָבער מער וועט איר זיי שוין קיינמאָל ניט זען.

ווען ס'איז געקומען די נאַכט, האָט זיך אַ וואָלקען־זייל גע־שטעלט צווישען די אידען און צווישען פּרעה'ן מיט זיינע רייטער און האָט זיי אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע. צוליב דעם האָבען די מצרים ניט געקענט זען די אידען.

## די אידען גייען אריבער דעם ים און דער טריקעניש

משה האָט אויסגעשפּרייט זיין האַנט איבער׳ן ים, און ס׳איז געקומען אַ שטאַרקער מזרח-ווינט. אַ גאַנצע נאַכט האָט דער מזרח-ווינט געבלאָזען, און ער האָט צעשפּאָלטען די וואַסערען. ווי צוויי מויערען זענען די וואַסערען געבליבען שטיין, און אינמיטען איז געוועזען טריקעניש. זענען די אידען דורכגעגאַנגען צווישען די צוויי פאַרפרוירענע וואַסער-ווענט, און ווען דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען, זענען זיי שוין געווען אויף דער אַנדערער זייט ים.

די מצרים האָבען געזען, ווי די אידען זענען איבערגעגאַנגען דעם ים אין דער טריקעניש, האָבען זיי געמיינט, אַז זיי וועלען אויך קענען אַזוי איבערגיין, און זיי זענען אַריין צווישען די צוויי מויערען וואַסער.

דאַ אָבער האָט משה ווידער אַמאָל אויסגעשפּרייט זיין האַנט איבער׳ן ים, און די וואַסערען זענען זיך צונויפגעקומען און האָבען צוגעדעקט די מצרים. זייערע רייטוועגען און זייערע רייטער און דאָס גאַנצע חיל פּרעה׳ס האָבען די וואַסערען צוגעדעקט, נאָר פּרעה אַליין איז געבליבען לעבען און איז אַנטלאָפען צוריק קיין מצרים.

די אידען האָבען דערזען, אַז די מצרים זענען פאַרשוואונדען. האָבען זיי זיך זייער געפרייט. משה און אַלע אידען האָבען געזונגען: אַ לויב-געזאַנג צו גאָט.

און גענומען האָט מרים, אהרנ׳ס שוועסטער, די פּויק אין איר האַנט, און סע זענען נאָכגעגאַנגען נאָך איר אַלע אידישע טעכטער מיט פּויקען, און זיי האָבען אַלע געטאַנצט, און מרים האָט געזונגען:

זינגט צו גאָט, ווייל גרויס איז ער,
פּרעה׳ס פערד און רייטוועגען
האָט ער אין ים אַריינגעוואָרפען.

און די אידען האָבען געמאַכט אַ גרויסען יום טוב. דער יום טוב איז פאַרבליבען אויף אייביג. דאָס איז דער יום טוב פּסח.



פּרעה און זיינע מענשען זינקען אין ים

# משה שלאגט דעם שטיין

דורך דער אַנגעגליטער מדבר האָט משה געפירט די אידען. באַטאָג איז פאַר זיי געגאַנגען אַ האָלקען-זייל און באַנאַכט אַ פייער-זייל, צו ווייזען זיי דעם וועג צום לאַנד כנען. משה איז געווען מיט אַלע אידען, געלערענט זיי גערעכטיגקייט און אונטערגעגעבען זיי מוט זיי זאָלען קענען איבערטראָגען דאָס שווערע לעבען אין דער הייסער מדבר.

אַז צוויי אידען האָבען געהאַט צווישען זיך אַ קריג, זענען זיי געקומען צו משה'ן, אויסדערציילט פאַר אים זייערע טענות און ער האָט געמאַכט צווישען זיי שלום. אַלע האָבען משה'ן ליב געהאַט און האָבען געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי. ער האָט געלערנט די אידען ליב צו האָבען איינער דעם אַנדערען, העלפען דעם צווייטען ווען ער איז אין נויט, און אַנדערע גוטע מדות.

איינמאָל אין זייער א הייסען טאָג, דאָס זאַמד פון דער מדבר האָט געבריט די פיס, די זון פון אויבען האָט געברענט. אויף מיילען ווייט איז ניט געווען קיין בוים, אַפילו קיין גרעזעלע און קיין וואַסער איז ניט געווען, —

זענען געקומען די אידען צו משה'ס געצעלט און האָבען אַנגע-הויבען צו קריגען אויף אים, וואָרים זיי זענען געווען דאָרשטיג, זיי זענען אויסגעגאַנגען נאָך אַ טרונק.

— נאָכוואָס האָסטו אונז אַרויסגעפירט פון מצרים, — האָבען זיי גע'טענה'ט צו משה'ן, — כדי מיר זאָלען דאָ שטאַרבען אין דער מדבר פון דאָרשט? דאָרטען אין מצרים האָבען מיר געהאַט גענוג וואַסער צום טרינקען און ברויט און פיש צום עסען, און דאָ איז אַרום וויסטעניש, נישטאָ קיין ברונימער און קיין ברויט וואַקסט ניט. נאָכוואָס, משה, האָסטו אונז אַרויסגענומען פון מצרים צו טייטען אונז דאָ?

משה איז געשטאַנען אויף דער טיר פונ'ם געצעלט און זיין האַרץ איז אים צעריסען געוואָרען ווען ער האָט געזען זיין פאָלק, די אידען, ווי זיי זענען אויסגעצערט פונ'ם וואַנדערען אין דער

מדבר. און נאָכמער האָט אים ווי געטאָן וואָס זיי ווילען בעסער זיין קנעכט אין מצרים, אַבי צו זיין אַנגעטרונקען און אָנגעגעסען. איז ער אַרויסגעגאַנגען הינטער'ן געצעלט, האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום הימעל און האָט געזאָגט:

— גאָט, דערהער די געשרייען פון דיין פאָלק, דערזע די ליידען פון די אידען, זיי גייען אויס פון דאָרשט, שיק זיי וואַסער.

האָט אים גאָט געזאָגט:

— דו זעסט דעם שטיין פאַר דיינע אויגען, רעד צו אים און ער וועט געבען וואַסער פאַר די אידען צום טרינקען.

אַלע אידען האָבען זיך צונויפגענומען אַרום משה'ן און ווען ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען צום שטיין און געבעטען באַ אים וואַסער, האָבען די אידען ניט געקענט מער אויסהאַלטען דעם דאָרשט און געשריען צו אים:

— מיר גייען אויס, נעם דיין שטעקען, וואָס מיט אים האָסטו באַוויזען וואונדער פאַר פרעה'ן און געשפּאָלטען דעם ים מיט אים, און שלאָג דעם שטיין, וועט ער באַלד גיבען וואַסער. מיר גייען אויס פון דאָרשט, מיר קענען ניט וואַרטען ביז דער שטיין וועט דערהערען דיינע רייד.

האָט משה רחמנות געקראָגען אויף די אידען און ער האָט מיט'ן שטעקען געשלאָגען דעם שטיין. אַ פרישער שטראָם וואַסער האָט אַרויסגעשלאָגען פון שטיין, אַלע אידען האָבען זיך אָנגעטרונקען און זענען זיך צעגאַנגען אין זייערע געצעלטען. משה איז געבליבען אַליין הינטער'ן געצעלט און האָט געקוקט אויפ'ן שטראָם וואַסער, וואָס שלאָגט פון שטיין. פּלוצלינג האָט ער דערהערט די שטים פון גאָט:

— משה, דו האָסט ניט צוגעהערט צו מיינע רייד, איך האָב דיר געהייסען זאָלסט רעדען צום שטיין און דו האָסט אים געשלאָגען, דערפאַר וועסטו ניט אַריינקומען אינ'ם לאַנד כנען, וואו דאָס פאָלק ישראל וועט בויען זיין היים און וועט רוען אין זיינע געצעלטען.

משה האָט זיך געבוקט פאַר גאָט און איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין געצעלט.

# באם בארג סיני

אין איינעם אַ פרימאָרגען האָט משה צונויפגענומען אַלע אידען און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— זעט וואָס גאָט טוט פאַר איך, פון היינט אָן וועט ער איך שיקען דעם מן אינדערפרי און דעם סליו פאַרנאַכט. דער מן וועט זיין אייער ברויט און דער סליו וועט זיין אייער פלייש און איר וועט האָבען צו עסען די אַלע יאָרען וואָס איר וועט וואַנדערען אין דער מדבר. פערציג יאָר וועט איר וואַנדערען אין דער מדבר, דערפאַר וואָס איר האָט אַלע מאָל געוואָלט צוריקלויפען אין מצרים. איר וועט אין כנען ניט אַריינקומען, נאָר איר וועט אויסשטאַרבען דאָ אין דער מדבר, וואָרים איר זענט נאָך אַלץ קנעכט, כאָטש איר זענט שוין אַרויס פון מצרים. אייערע קינדער, וואָס וועלען אויסוואַקסען אין פרייהייט, זיי וועלען אַריינקומען אין לאַנד כנען.

און פון דעם טאָג אָן, פלעגט אַלע אין דערפרי זיך פאַרשפרייטען אויף דער ערד דער מן, וואָס איז געווען וויים ווי שניי און קיילעכיג ווי גרויפען, און די אידען האָבען אים אָנגעזאַמעלט אין זייערע קיישלאַך. פאַרנאַכט איז געפאַלען דער סליו, אַזעלכע שוואַרצע פייגעל, און דאָס איז געווען זייער פלייש. די אידען האָבען געהאַט וואָס צו עסען און האָבען שוין מער ניט געוואָלט צוריקגיין אין מצרים. זיי האָבען אַלע געגלייבט אין משה'ן און האָבען אויף אים ניט געקריגט.

אַזוי האָבען די אידען געוואַנדערט אין דער מדבר ביז זיי זענען צוגעקומען צום באַרג סיני. דאָ, באַם צופוסענס פונ'ם הויכען באַרג, האָבען זיי אויסגעשטעלט זייערע געצעלטען און האָבען גערוט. משה האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלען דריי טעג זיך היילִיגען, וואַשען זייערע לייבער און באַפרייען זיך פון אַלע שלעכטע געדאַנקען, וואָרים גאָט וועט זיי געבען די תורה און וועט שליסען מיט זיי אַ הייליגען בונד אַז זיי זאָלען אויף אייביג זיין זיינע געליבטע קינדער.

די אידען האָבען געטאָן ווי משה האָט זיי געהייסען: דריי טעג האָבען זיי געוואַשען זייערע לייבער, האָבען געפאַסט און זיך געגרייט אָנצונעמען די תורה. אויפ׳ן דריטען טאָג האָט משה אויס־געשטעלט אַלע אידען צופוסענס פון באַרג סיני און אַליין איז ער ארויף אויפ׳ן באַרג.

פול מיט פלאַמען איז דער באַרג געווען און אַז משה איז אַרויף אויף אים, איז ער אויך געוואָרען אַ שטיק פייער. די אידען זענען געשטאַנען און האָבען געזען ווי משה ווערט פאַר־שוואונדען אין פייער און זייערע הערצער זענען פול געוואָרען מיט פחד און מיט אָפּשיי פאַר זייער פירער. ס׳האָט אָנגעהויבען צו דונערען. די ערד אַרום האָט געציטער׳ט, מיט יעדער דונער האָבען די אידען געהערט אַ נייע געבאָט. גאָט האָט זיי געלערנט ווי צו פירען זיך, ווי צו לעבען גוט צווישען זיך און ווי ערליך צו האַלטען די עלטערען. צען געבאָט האָט ער זיי געגעבען און די אידען האָבען געשוואָרען אַז זיי וועלען זיי אַלע אויספאָלגען. און דערפאַר האָט ער זיי צוגעזאָגט אַז זיי וועלען לעבען אינ׳ם לאַנד כנען רואיג און וועלען ניט געשטערט ווערען פון קיין פיינד.

דער באַרג סיני איז פאַרלאָשען געוואָרען, די אידען זענען זיך צעגאַנגען אין זייערע געצעלטען און משה איז געבליבען אויפ׳ן באַרג אויסצוהאַקען די צען געבאָט אויף שטיינערנע טאָוולען. און אַז ס׳זענען איבערגאַנגען עטליכע טעג און משה איז ניט געקומען צוריק, זענען די אידען געקומען צו אהרנ׳ען זיין ברודער און געמאָנט ביי אים אַ גאָט. זיי האָבען אַזוי געזאָגט:

— משה איז פאַרשוואונדען געוואָרען, ווער ווייסט צי די פלאַמען האָבען אים ניט פאַרצערט, מיר ווילען אַ גאָט וואָס מיר זאָלען אים קענען זען מיט די אויגען ווי מיר זענען געוואוינט געווען אין מצרים. מאַך פאַר אונז אַ גאָט, אהרן, און מיר וועלען צו אים דינען.

האָט אהרן זיי געהייסען קומען שפּעטער מיט דריי טעג, וועט ער זיי גיבען אַן ענטפער. געמיינט האָט ער אַז אין די דריי טעג וועט משה צוריק אַראָפּקומען פונ׳ם באַרג סיני. אָבער משה

איז ניט צוריקגעקומען און די אידען האָבען נאָך די דריי טעג ווידער געמאָנט ביי אים אַ גאָט און ער האָט זיי אָפּגעלייגט אויף נאָך דריי טעג. און אַז די אידען זענען אין דריי טעג אַרום געקומען צו אהרנ'ען און משה איז נאָך אַלץ ניט געווען, האָט זיי אהרן געהייסען זיי זאָלען אים ברענגען גאָר זייער גאָלד און זילבער, וועט ער זיי מאַכען אַ גאָט.

די אידישע טעכטער האָבען אַראָפּגענומען פון זיך די גאָלדענע בראַסלעטען, די האַלז־בענדער און די אוירינגלאַך און האָבען עס געבראַכט צו אהרנ'ען. אַ גאַנצער באַרג מיט גאָלד האָט זיך אָנגעקליבען און אהרן האָט צעלייגט אַ גרויס פייער און אַריינגעוואָרפען דאָס גאַנצע גאָלד. דאָס גאַנצע פאָלק איז געשטאַנען אַרום פייער און אַלע האָבען געזען ווי פונ'ם גאָלד האָט זיך אין אָנגעהויבען אויסצופורעמען אַ קאַלב. אַז דאָס פייער איז אויסגעלאָשען געוואָרען, איז אויף דעם אָרט געבליבען שטיין אַ גאָלדענער קאַלב. אַלע אידען, גרויס און קליין, האָבען זיך צונויפגענומען אַרום דעם קאַלב און געטאַנצט און געפּאַטשט אין די הענט און געזונגען:

— דאָס איז אונזער גאָט, געלויבט איז אהרן, וואָס האָט פאַר אונז אַ גאָט געמאַכט.

געווען איז עס אויפ'ן פערציגסטען טאָג זינט משה איז אַרויף אויפ'ן באַרג און צו אים האָבען געגרייכט די פריידיגע געשרייען פון די אידען, און געהערט האָט ער זייער געזאַנג און ער האָט אַראָפּגענידערט מיט די צוויי שטיינערנע טאָוולען, וואָס אויף זיי האָט ער אויסגעקריצט די צען געבאָט. מיט פרייד איז משה געקומען צום אידישען לאַגער, וואָרים ער האָט געמיינט אַז די אידען לויבען און זינגען צום איינציגען גאָט אין הימעל, צו דעם גאָט, וואָס האָט זיי געגעבען די תורה. און אַז ער האָט דערזען דעם גאָלדענעם קאַלב, וואָס שטייט איבער אַלע אידען, האָט ער שוין פאַרשטאַנען אַז די אידען האָבען זיך געמאַכט אַ גאָלדענעם גאָט, האָט אין אים אויפגעברענט דער צאָרען און ער האָט אויסגעשריען:

— איר האָט שוין פאַרגעסען אָן אייער גאָט און האָט זיך געמאַכט אַ גאָט פון גאָלד. דערפאַר וועל איך ניט ברענגען



די אידען באַם באַרג סיני

זיינע געבאָט, וואָס האָבן געדאַרפט אַריינגעבן פרייד אין אייערע הערצער און שטאַרקן די האָפענונגען אין אייך. איר זענט ניט ווערט צו האָבן זיין תורה.

און משה האָט אין זיין גרימצאָרן אויפגעהויבן די צוויי שטיינערנע טאָוולען און זיי געוואָרפן צו דער ערד. די טאָוולען זענען צעשפּרונגען אויף אַלע זייטן און נאָר פּיצלאַך שטיין איז פון זיי איבערגעבליבן. די אידן האָבן געזען משה׳ס צאָרן און זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר אים, וואָרים אַ העליש פייער האָט פון אים געזעצט. זיי זענען זיך אַלע צעלאָפן און משה האָט צעבראָכן דעם גאָלדענעם קאַלב, אַריינגעוואָרפן די שטיקלאַך גאָלד אין פייער און זיי פאַרברענט. דאָס אַש האָט ער צעשפּרייט אויפ׳ן ווינט און קיין געדעכעניש איז פון דעם ניט געבליבן.

אין דריי טעג אַרום האָט משה צונויפגערופן די אידן און זיי געזאָגט אַז ער גייט ווידער אַרויף אויפ׳ן באַרג סיני אויסקריצן די צען געבאָט אויף נייע טאָוולען און ער וועט זיך דאָרטן זאַמען פערציג טעג. די אידן האָבן איצט שוין צוגעהערט צו משה׳ס רייד און זענען זיך צעגאַנגען אין זייערע געצעלטן.

אין פערציג טעג אַרום איז משה אַראָפּגעקומען פונ׳ם באַרג סיני מיט די צוויי שטיינערנע טאָוולען אין זיינע הענט. די אידן האָבן מיט פורכט דערזען אַז אַ זוניגע קרוין רינגעלט אַרום זיין קאָפּ און זיין פּנים איז אַזוי ליכטיג, אַז קיין מענש קען אין דעם ניט קוקן. האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז אַ געטליך ליכט רוט אויף אים און זיי האָבן געקוקט אין זיין זייט מיט גרויס ציטערניש אין זייערע הערצער.

פאַר די צוויי שטיינערנע טאָוולען האָבן די אידן געמאַכט אַ קאַסטען פון טענענהאָלץ און פאַר דעם קאַסטען האָבן זיי געמאַכט אַזאַ געצעלט. פון די טייערסטע געוועבן האָבן זיי דאָס געצעלט געמאַכט און אינווייניג האָבן זיי עס באַצויגען מיט פעל פון לעמ-פערטען און פון אַנדערע חיות. דאָס געצעלט האָט מען געקענט צענעמען און די אידן האָבן עס מיט זיך מיטגעפירט אין דער מדבר וואו זיי האָבן געוואַנדערט.

## קורח און זיינע חברים

צווישען די אידען איז געווען איינער אַ קורח, זייער אַ אָנגעזעענער מענש, וואָס איז אויך, אַזוי ווי משה, אַרויסגעקומען פון שבט לוי. האָט קורח אין איינעם אַ טאָג צונויפגענומען זיינע חברים און אידען פון זיין משפחה און זיי זענען געקומען צו משה׳ם געצעלט און גענומען קריגען אויף אים. קורח האָט געזאָגט:

— פאַרוואָס, משה, ביזטו געוואָרען אַ הערשער איבער אונז? פאַרוואָס דאַרפען מיר צוהערען צו דיינע רייד און זיך בייגען פאַר דיר? איך קום אויך אַרוים פון שבט לוי און בין אַזאַ הייליגער מענש ווי דו, איך וויל דו זאָלסט דיין פירערשאַפט איבערגעבען מיר מיט מיינע מענשען.

און אַז אַלע אידען האָבען דערהערט קורח׳ס ווערטער, האָבען זיי אויך אָנגעהויבען צו קריגען אויף משה׳ן פאַרוואָס ער האָט זיי ניט אַריינגעבראַכט אינ׳ם לאַנד כנען און לאָזט זיי אויסשטאַרבען אין דער מדבר.

משה איז אַרויסגעקומען אויף דער שוועל פון זיין געצעלט. ער איז שוין געווען גרוי, אָבער ער איז נאָך געווען הויך און שטאַרק. מיט זיין פייערדיגען בליק האָט ער אָנגעקוקט קורח׳ן מיט זיינע חברים און אַז די אידען האָבען אים דערזען, האָבען זיי שוין חרטה געהאַט אויף דעם וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו קריגען אויף אים, וואָרים זיינע אויגען האָבען דורכגעלעכערט זייערע הערצער. אַלע אידען האָבען זיך אָפּגערוקט פונ׳ם געצעלט, נאָר קורח מיט זיינע חברים זענען געבליבען און האָבען געמאָנט ביי משה׳ן ער זאָל זיי ענטפערען.

האָט משה זיי געהייסען זיי זאָלען אַריינגיין אין זייערע געצעלטען, וועט ער זיי אָפּענטפּערען אויף זייערע טענות. און צו אַלע אידען האָט ער געזאָגט:

— איר דערווייטערט זיך אַלע פון די געצעלטען וואו קורח מיט זיינע מענשען זענען דאָ, וועט איר זעען וואָס ס'וועט זיין.

האָבען זיך אַלע אידען דערווייטערט פון די געצעלטען און משה האָט אויסגעשטרעקט זיינע הענט צום הימעל און געבעטען צו גאָט. האָט די ערד געעפענט איר מויל און די געצעלטען, וואו קורח מיט זיינע מענשען זענען געווען, זענען איינגעזונקען געוואָרען אין דער ערד. דערנאָך האָט די ערד צוריק פאַרמאַכט איר מויל און ס'איז גאָר ניט געווען צו דערקענען אַז אויף דעם אָרט זענען אַמאָל געשטאַנען געצעלטען. אַלע אידען האָבען עס געזען מיט זייערע אייגענע אויגען און זיי האָבען שטאַרק געפאָרכט פאַר משה'ן. זיי האָבען ווידער געזען אַז משה איז אַ הייליגער מאַן און אַז גאָט איז שטענדיג מיט אים.



# די מרגלים

די יאָרען זענען געגאַנגען און די אידען זענען געקומען אַלץ נעענטער צו די גרעניצען פונ'ם לאַנד כנען. און אַז ס'איז געקומען אויפ'ן פערציגסטען יאָר זינט זיי האָבען אָנגעהויבען צו וואַנדערען אין דער מדבר, זענען זיי שוין געשטאַנען ביי די גרעניצען פונ'ם לאַנד. משה האָט צונויפגענומען די אידען און האָט זיי געזאָגט זיי זאָלען זיך גרייט מאַכען מלחמה צו האַלטען מיט די איינוואוינער פון כנען. וואָרים די צייט איז שוין געקומען זיי זאָלען פאַרנעמען דאָס לאַנד. אָבער די אידען האָבען געזאָגט אַז זיי ווילען ניט גלייך אריינטרעטען אין לאַנד, זיי ווילען פריער שיקען מענשען וואָס זאָלען דאָס לאַנד אויסקוקען און אויספאָרשען און אַז זיי וועלען קומען און דערציילען ווי אַזוי דאָס לאַנד איז און וואָסער אַ מענשען סע וואוינען דאָרטען, וועלען זיי דאַמאָלסט אנריכטען אַ מלחמה געגען די איינוואוינער.

משה האָט נאָכגעגעבען דעם פאַרלאַנג פון די אידען. זיי האָבען אויסגעקליבען צוועלף מענשען, פון יעדער שבט איינעם, און זיי געשיקט אויסצופאָרשען דאָס לאַנד. אין פערציג טעג אַרום זענען די מרגלים צוריקגעקומען. אַלע אידען האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו הערען דעם גרום פונ'ם לאַנד, וואָס צו דעם האָבען זיי זיך געצויגען פערציג יאָר, געלעבט אין דער מדבר און אויסגעשטאַנען אַזוי פיל סכנות.

די מרגלים האָבען געבראַכט מיט זיך די פרוכטען פונ'ם לאַנד צו באַווייזען די אידען און זיי האָבען אַזוי געזאָגט:

— מיר זענען אויסגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד, פון מזרח ביז מערב און פון דרום ביז צפון. מיר האָבען געזען די מענשען פונ'ם

לאַנד און זייערע פירונגען. דאָס לאַנד איז גוט, פרוכטען וואַקסען דאָרטען גרויסע און געשמאַקע, די ערד גיט אַרויס גענוג ברויט, אָבער מיר וועלען קיינמאָל אַהין נישט קענען אַריינקומען, וואָרים די מענשען וואָס וואוינען דאָרטען זענען ריזען און מיר זענען קאַרליקעס קעגען זיי. איר זעט די פרוכטען ווי גרויס זיי זענען? אַזעלכע פרוכטען האָבען מיר נאָך אין קיין לאַנד ניט געזען און אויך אַזעלכע מענשען האָבען מיר נאָך אין ערגעץ ניט געזען. וואָס קומט אונז אַרויס פונ'ם גוטען לאַנד, אַז די מענשען וועלען אונז אויסטייטען איינציגווייז און מיר וועלען אַהין ניט אַריינקומען?

נאָר צוויי זענען געוועזען צווישען די מרגלים, כלב בן יפונה און יהושע בן נון, וואָס האָבען גערעדט אַנדערש ווי זייערע חברים.

— אמת, די מענשען זענען טאַקע דאָרטען ריזען, — האָבען זיי געזאָגט, — אָבער מיר דאַרפען פאַר זיי ניט פאַרכטען, וואָרים מיר וועלען זיי באַזיגען. האָט אונז דען גאָט ניט אַרויסגעפירט פון מצרים, האָט ער דען ניט באַוויזען פאַר אונז דעם גרויסען וואונדער וואָס ער האָט געשפּאָלטען פאַר אונז דעם ים און אונז אַריבערגעפירט אין דער טריקעניש? און איצט וועט ער אויך זיין מיט אונז און וועט איבערענטפערען אונזערע שונאים אין אונזערע הענט און וועט אונז אַריינברייננגען אין לאַנד ווי ער האָט צו-געזאָגט אונזערע עלטערען. מיר דאַרפען גלייבען אין אים און אין משה'ן.

און דאַמאָלסט איז אויפגעשטאַנען משה און האָט מיט זיינע אויגען געמאַכט ציטערען די הערצער פונ'ם גאַנצען פאָלק. ער האָט געשטראָפט דאָס פאָלק פאַרוואָס סע פאָרכט אַריינצוגיין אין כנען און פאַרוואָס סע הערט צו צו די רייד פון די מרגלים, וואָס זענען אַליין שרעקעדיגע מענשען.

— זעט דאָס לאַנד, — האָט ער זיי געזאָגט, — זיינע פרוכטען זענען גוטע, די ערד איז אַ פעטע, מילך און האָניג רינט אין לאַנד און די מענשען וועט איר בייקומען ווען איר וועט שטאַרקען אייערע הערצער, ווען איר וועט ניט וויסען פון קיין פורכט. גורט אָן אייערע לענדען, ציט אָן אייערע בויגענס און גייט מלחמה האַלטען מיט די

איינוואוינער פון כנען און אַז איר וועט דאָס לאַנד איינגעמען, וועט איר זיך באַזעצען אין דעם און אייערע פעלדער און אייערע וויינ-גערטנער וועלען זיין געבענטשט. איר וועט עסען די פרוכטען פון דער ערד און איר וועט רוען אין אייערע געצעלטען.

משה׳ס רייד האָבען די אידען דערמוטיגט און זיי האָבען ניט צוגעהערט צו די רייד פון די מרגלים, וואָס האָבען אָנגעוואָרפען אויף זיי אַ פחד. זיי האָבען זיך אלע געגרייט אָנצוריכטען אַ מלחמה געגען די איינוואוינער פון כנען און אין זייערע הערצער האָט געברענט משה׳ס גרויסער גלויבען. נאָר אַ קליינע מחנה אידען האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפ׳ן וועג צוריק קיין מצרים.



# בלעם

די אידען זענען אַרומגעגאַנגען דאָס לאַנד אדום, כדי עס ניט אָנצורירען און ניט פאַרפירען קיין מלחמה מיט דעם. זיי האָבען מלחמה געהאַלטען מיט'ן שטאַרקען קעניג סיחון פון אמור און האָבען אים באַזיגט. זיי האָבען אויך צוקלאַפּט דעם ריזיגען עוג, דעם קעניג פון בשן און זענען צוגעקומען צו מואב. און מואב האָט זיך זייער דערשראָקען פאַר די אידען, ווייל זיי זענען געווען שטאַרק און האָבען באַזיגט סיחון'ען און עוג'ן. קעניג איבער מואב איז געווען בלק, דער זון פון צפור. האָט ער געשיקט די אַלטע לייט פון מואב און פון מדין צו בלעם'ען דעם זון פון פעור, וואָס האָט געוואוינט אין פתור, אים צו זאָגען אַז אַ פאָלק איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, וואָס איז שטאַרק און מוטיג און סע רוט איצט ביי די גרעניצען פונ'ם לאַנד מואב.

— איך ווייס אַז די אידען זענען שטאַרקער פון מיר און אַז איך וועל מיט זיי מלחמה האַלטען, וועלען זיי מיך פאַרטרייבען פונ'ם לאַנד. קום דו אין מיין לאַנד, וואָרים איך ווייס אַז וועמען דו שעלטסט, איז ער פאַרשאָלטען און וועמען דו בענטשט, איז ער געבענטשט.

זענען געגאַנגען די אַלטע לייט פון מואב און פון מדין, מיט מתנות אין זייערע הענט און זענען געקומען צו בלעם'ען און גערעדט צו אים בלק'ס ווערטער. האָט בלעם זיי געזאָגט אַז זיי זאָלען דאָ איבערנעכטיגען די נאַכט און מאָרגען וועט ער זיי ענטפערען. אינדערפרי האָט בלעם געזאָגט צו די אַלטע לייט אַז ער קען ניט גיין מיט זיי וואָרים גאָט איז מיט די אידען. אָבער בלק האָט ווייטער געשיקט צו בלעם'ן:

— איך וועל דיר געבען גאָר דאָס גאָלד און דאָס זילבער פון מיין לאַנד, אבי קום און שעלט די אידען, וואָרים זיי האָבען אָנגעוואָרפען אַ פחד אויף אונז.

האָט בלעם אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל און האָט געריטען אינ'ם לאַנד מואב. ער האָט געריטען אויפ'ן אייזעל און זיינע צוויי דינער זענען אים נאָכגעגאַנגען. אויפ'ן וועג האָט דאָס אייזעל דערזען אַ מלאך, וואָס האָט זיך געשטעלט אינמיטען וועג מיט אַן אויסגע-שטרעקטער שווערד. האָט זיך דאָס אייזעל אָפּגעקערט פונ'ם וועג און ס'איז געגאַנגען מיט'ן פעלד. האָט בלעם געשלאָגען דאָס אייזעל אַז ס'זאָל צוריק אַרויפגיין אויפ'ן גלייכען וועג. האָט זיך דער מלאך אַוועקגעשטעלט אויפ'ן שטעגעלע צווישען די וויינגערטנער, וואָס זענען געווען אַרומגעצוימט מיט פּלויטען. און אַז דאָס אייזעל, האָט ווידער דערזען דעם מלאך און זיין אויסגעשטרעקטע שווערד, האָט זיך עס צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און האָט צוגעדריקט בלעם'ס פוס. און ער האָט דערפאַר נאָך שטאַרקער געשלאָגען דאָס אייזעל. איז פּלוצלינג געשען אַ וואונדער און דאָס אייזעל האָט אָנגעהויבען צו רעדען.

— וואָס האָב איך דיר געטאָן, — האָט דאָס אייזעל געזאָגט, — וואָס דו שלאָגסט מיך? פאַרוואָס פּייניגסטו מיך אַזוי, בלעם?

— ווייל דו מאַכסט פון מיר חוזק, — האָט בלעם געענטפערט, — ווען איך וואָלט געהאַט אַ שווערד אין מיין האַנט, וואָלט איך דיך געטייט.

— אָבער איך בין דאָך דיין אייזעל, וואָס דו רייטסט אויף מיר שוין פון יאָרען און איך האָב דיר שטענדיג געדינט געטריי...

האָט בלעם אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט דערזען דעם מלאך וואָס האָט ניט געלאָזט דאָס אייזעל דורכגיין דעם וועג. איז ער אַראָפּגעקראָכען פונ'ם אייזעל און האָט זיך געבוקט ביז צו דער ערד פאַר'ן מלאך. האָט דער מלאך געזאָגט צו בלעם'ען:

— פאַרוואָס האָסטו דריי מאָל געשלאָגען דאָס אייזעל? איך האָב זיך געשטעלט און דיר איינג געמאַכט דעם וועג. ווען דאָס אייזעל וואָלט ניט אַראָפּגענייגט פונ'ם וועג, וואָלט איך דיך געטייט און אים וואָלט איך געלאָזט לעבען.

האָט בלעם זיך געבוקט און געזאָגט:

— כ'האָב געזינדיגט, וואָרים איך האָב ניט געוואוסט אַז דו שטייסט אַנטקעגען מיר. און איצט, אויב דיר געפעלט ניט, וואָס איך גיי אין מואב, וועל איך זיך אומקערען.

האָט אים דער מלאך געזאָגט אַז ער זאָל ווייטער גיין זיין וועג, אָבער ער זאָל גאָר ניט טאָן ביז ער וועט זיך ניט אָנפרעגען באַ אים. און בלעם איז ווייטער געגאַנגען מיט די אַלטע לייט פון מואב און פון מדין, אָבער ער האָט גוט געדיינקט וואָס דער מלאך האָט אים אָנגעזאָגט.

און אַז בלעם איז געקומען אין מואב, איז אים בלק אַרויס־געגאַנגען אַנטקעגען און האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַ באַרג און פון דאָרטען געוויזען די אידען.

האָט בלעם געהייסען בלק'ן אויסבויען זיבען מזבחות און ברייני־גען אים זיבען אָקסען און זיבען באַראַנעס. און אַז מ'האָט אים אויסגעבויט די זיבען מזבחות און געבראַכט די אָקסען מיט די באַראַנעס, האָט ער געבראַכט קרבנות צו דעם גאָט בעל און האָט זיך אָפגעזונדערט צו הערען גאָט'ס שטים. איז אויף בלעם'ן אָנגע־פאַלען אַ שלאָף און ער האָט געהערט ווי גאָט האָט צו אים גערעדט און אַזוי געזאָגט:

— דו גיי צו בלק'ען און זאָלסט רעדען די ווערטער וואָס איך וועל דיר אַריינלייגען אין דיין מויל. דו זאָלסט מיר ניט ווידערשפּע־ניגען, וואָרים איך וועל אויף דיר ברייגנען מיין שווערע שטראָף.

אינדערפרי האָט בלק גענומען בלעם'ען אויפ'ן שפּיץ פון באַרג און אים געהייסען שעלטען די אידען. און בלעם האָט אויפגעהויבען זיין שטים און אַזוי געזאָגט:

— ווי קען איך שעלטען די, וואָס גאָט האָט זיי נישט גע־שאָלטען? און ווי קען איך צערנען אויף די, וואָס גאָט האָט אויף זיי ניט געצערענט? איך זע זיי פון די שפּיצען פון די בערג ווי זיי רוען אָפּגעטיילט פון אַלע פעלקער. ווער קען ציילען יעקב'ס שטויב? איך וויל אַז מיין סוף זאָל זיין אַזאַ גליקליכער ווי זייערער און איך זאָל שטאַרבען מיט'ן טויט פון גערעכטע.

אַז בלק האָט דערהערט בלעם׳ס רייד, האָט ער אויסגעשריען:

— וואָס האָסטו געטאָן? איך האָב דיך גערופען דו זאָלסט זיי שעלטען און צום סוף בענטשטו גאָר זיי...

האָט אים בלעם געענטפערט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז איך וועל רעדען די ווערטער, וואָס גאָט וועט מיר הייסען.

האָט בלק געפירט בלעם׳ן צו אַן אָרט, פון וואנעט מ׳האָט נאָר אָנגעזען אַ טייל פון די אידען און ער האָט געמיינט אַז דאָ וועט ער זיי שוין יאָ קענען שעלטען. מ׳האָט ווייטער אויסגעבויט זיבען מזבחות און בלעם האָט געבראַכט קרבנות. בלעם האָט זיך געשטעלט מיט׳ן פנים צום אידישען לאַגער און האָט ווייטער גע-בענטשט די אידען. ער האָט געזאָגט אַז דאָס אידישע פאָלק וועט אויפשטיין ווי אַ יונגער לייב און וועט ניט לייגען זיך רוען ביז ער וועט ניט אויפעסען זיין פאַרצוקעכץ.

האָט בלק געזאָגט צו בלעם׳ען:

— איך בעט דיך שוין נישט דו זאָלסט שעלטען די אידען, אָבער בענטש זיי נישט אויך. און איצט וועל איך פּרואווען נאָך אַ דריט מאָל, אפשר וועסטו זיי קענען שעלטען פון אַן אַנדער באַרג.

האָט ער אים אַרויפגענומען אויפ׳ן באַרג פעור, וואָס קוקט צו דער מדבר און זיי האָבען אויך געבראַכט קרבנות. און אַז בלעם האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט געזען ווי די אידען רוען אין זייערע געצעלטען, ווי איבער זיי איז פאַרשפּרייט אַ שטילע רואיגקייט, האָט ער געזאָגט:

— ווי גוט זענען דיינע געצעלטען, יעקב, דיינע וואוינונגען, ישראל. זיי ציען זיך ווי טייכלאַך, ווי וויינגערטנער אויפ׳ן באַרג אַרויף.

בלק, דער מלך פון מואב, האָט שוין פאַרשטאַנען אַז בלעם וועט די אידען נאָר בענטשען, נישט שעלטען, האָט ער אים אַוועק-געשיקט אין זיין לאַנד.

## משה׳ס טויט

משה איז שוין אַלט געווען הונדערט מיט צוואַנציג יאָר, ווען די אידען זענען צוגעקומען נאָענט צו די גרעניצען פונ׳ם לאַנד כנען. האָט גאָט צו אים איינמאָל אַזוי געזאָגט:

— גיי אַרויף, משה, אויפ׳ן באַרג און איך וועל דיר ווייזען דאָס לאַנד וואָס איך גיב אָפּ צו די אידען און דערנאָך וועסטו שטאַרבען.

משה איז ארויפגעגאַנגען אויפ׳ן באַרג, ווי גאָט האָט אים געהייסען, און ער האָט געזען פון ווייטען דאָס לאַנד. ער האָט געזען די בערג, פאַרפלאַנצטע מיט וויינגערטנער; ער האָט געזען די טאָלען, וואו ס׳האָבען זיך געפיטערט שאָף און רינדער; די פליינען האָט ער געזען, וואָס קאָרן ווייץ און גערשטען האָבען אויף זיי געוואקסען און אין זיין האַרץ האָט געברענט אַ פאַרלאַנג אַריינצוקומען אין דעם לאַנד מיט אַלע אידען, זען ווי זיי לעבען זיך אין זייערע געצעלטען, ווי זיי עסען די פרוכטען פון די ביימער און די ברויטען פון דער ערד און דערנאָך ערשט שטאַרבען. ער האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט זיין פאָלק. און ער האָט זיך געבעטען:

— גאָט, דו האָסט אָנגעהויבען צו ווייזען צו דיין קנעכט דיינע גרויסקייטען און דיין שטאַרקע האַנט, פיר מיך איצטער אַריבער מיט מיין פאָלק דעם ירדן און לאָמיך זען מיט מיינע אייגענע אויגען דאָס גוטע לאַנד און דעם שיינעם באַרג לבנון.

אָבער גאָט האָט אים צאָרנדיג געענטפערט:

— ווענד דיינע אויגען צו מזרח און מערב, צו צפון און דרום, וועסטו זען דאָס לאַנד, אָבער אַריינקומען אין דעם וועסטו ניט.

און פאַר׳ן טויט האָט משה צונויפגענומען אַלע אידען און האָט זיי געלערענט ווי צו לעבען און ווי צו פירען זיך. ער האָט זיי אָנגעזאָגט אַז יעדער איינער זאָל ליב האָבען דעם צווייטען ווי זיך

אַליין, אַז דער שטאַרקער זאָל ניט דריקען דעם שוואַכען, אַז די אידען זאָלען גיין אין גאָט'ס וועגען און דערפאַר וועלען זיי לעבען אין זייער לאַנד כנען און די ערד וועט זיין גֶעבענטשט און וועט אַרויס-געבען ברויט און די הימלען וועלען ניט פאַרמיידען צו ברייננגען רעגען. די אידען האָבען צוגעהערט צו די רייד פון זייער אַלטען פירער און האָבען געוויינט.

און דערנאָך האָט משה געזונגען פאַר די אידען דאָס דאָזיגע געזאַנג:

## האזינו *)

פאַרנעמט, איר הימלען, און איך וועל רעדען.
און זאָל די ערד הערען די זאָג פון מיין מויל.

זאָל טריפען ווי א רעגען מיין לערע,
זאָלען פאַלען ווי טוי מיינע ווערטער.

ווי א טריף-רעגען אויפ'ן גרינס,
ווי א שפריי-רעגען אויפ'ן גראָז. —

דען יהוה'ס נאָמען טו איך רופען, —
גיט גרויסקייט צו אונזער גאָט.

*

ער איז א פעלז. זיין ווערק איז גאַנץ,
און אַלע זיינע וועגען זענען רעכט.
ער איז א וואָרהאַפטיגער גאָט;

ער פאַרטראָגט ניט קיין אומרעכט.
גערעכט און רעכטפערטיג איז ער.

*

טוסטו דאָס יהוה'ן אַזוי בעצאָלען,
דו שאַלקהאַפטיג און נאַריש פאָלק?

ער איז דאָך דיין פאָטער, דיין נעסט-בויער.
ער האָט דאָך דיך באַשאַפען און האָט דיך אויפגעריכט.

---

*) אַרויסגענומען פון דוד איגנאַטאָווס איבערזעצונג.

גערײנק די טעג פון אמאָל!
פאַרשטײ די יאָרען פון דורות און דורות.

פרעג דײן טאַטען, װעט ער דיר דערצײלען,
דײנע זײדעס, און זײ װעלען דיר זאָגען:

װען דער אײבערשטער האָט פאַנאַנדערגעטײלט די פעלקער,
װען ער האָט פאַנאַנדערגעשײדט די מענשענקינדער,

האָט ער אױפגעשטעלט פעלקער-גרענעצען נאָך דער צאָל פון ישראל;

װאָרים דער טײל פון יהוה איז זײן פאָלק,

און יעקב איז דער מעסט-שטריק פון זײן ערבשאַפט.

*

ער האָט אים געפונען אין װיסטען לאַנד,
אין גרױלענדיגען קלאַנגען פון פוסטער װיסטעניש.

ער האָט אים אַרומגערינגעלט,
ער האָט אים געהיט און געשיצט, װי דאָס שװאַרצאַפּעל פון זײן אױג.

װי אַן אָדלער הױערט איבער זײן נעסט,
שװעבענדיג איבער זײנע יונגגע. —

ער שפּרײט פאַנאַנדער זײנע פליגעל,
נעמט זײ, טראָגט זײ אױף זײן רוקען, —

אַזױ האָט יהוה אַלײן געפירט.

און אַז משה האָט געענדיגט דאָס געזאַנג, איז ער אַרױפגעגאַנגען אױפ'ן באַרג און איז געשטאָרבען. קײנער װײסט ניט ביז הײנטיגען טאָג װאו זײן קבר איז.



די מרגלים קערען זיך אום פון כנען

## צופוסענס פונ׳ם בארג גלבוע

אינ׳ם דערפעל צרעה, צופוסענס פונ׳ם באַרג גלבוע, האָט גע־וואוינט דער איד מנוח מיט זיין ווייב דינה. זייער פעלד איז געווען דאָס פעטסטע פון אַלע פעלדער אַרום און די ברויטען, וואָס מנוח פלעגט אַלע יאָר אַראָפּנעמען פון דעם, זענען געווען די גראָטענסטע. דער ווייץ זיינער איז געווען רויט ווי אָנגעגליטער קופער און אַזוי שווער איז ער געווען, אַז ווען מנוח האָט אָנגעשאָטען אַ מעסטעל און אַרויפגעשטעלט אויף דער וואָג, איז דאָס צינגעל אַראָפּגעזונקען, ווי אַ גאַנצער באַרג וואָלט געפאַלען אויף דער וואָג. און זיין קאָרען האָט אַרויסגעגעבען גוט געשמאַק מעל און זיין גערשטען האָט מען אַלע יאָר אָפּגעקויפט פאַר די פערד פונ׳ם קעניגס הויף.

נאָר דינה האָט מנוח׳ן קיין קינדער ניט געבוירען און זיין לעבען איז אים דערפאַר געווען פאַרביטערט, און אויך דינה איז געווען פאַראומערט און זיך ניט געפרייט, ווי אַלע אידישע טעכטער, ווען די שניטערס האָבען געשניטען די ברויטען אויף אירע פעלדער. מנוח׳ס געצעלט איז געשטאַנען הארט באַם באַרג גלבוע און זיין וויינגאָרטען האָט פאַרנומען אַ שטיק פונ׳ם בלויען באַרג, און סע איז געווען, אַז די וויינטרויבען פון זיין וויינגאָרטען זענען צייטיג געוואָרען און האָבען זיך אָנגעגאָסען מיט רויטער זאַפט און די ענגלען האָבען זיך געבויגען צו דער ערד, זענען געקומען די שניטערס און שניטערינס, אַלע יונגע, פאַרברוינטע, און האָבען מיט די שערען און מעסערס געשניטען די טרויבען. דאָס געזאַנג זייערס האָט זיך געקייקעלט פונ׳ם באַרג אַראָפּ ווי זילבערנע פעסלאַך אָנגעפילט מיט גאָלדענע גלעקלאַך. און דער שאַרפער ריח פון די וויינטרויבען האָט זיך פאַרשפרייט אַרום און פאַר׳שכר׳ט די איינוואוינער פונ׳ם דערפעל צרעה.

נאָר דינה איז געזעסען אויף דער שוועל פון איר געצעלט און די פרייד האָט איר האַרץ ניט אָנגערירט, וואָרים געביינקט האָט

זי נאָך אַ קינד. מנוח איז געווען פאַרנומען אין וויינגאָרטען, צי אויפ׳ן פעלד און אַז ער איז אַהיימגעקומען און געזען זיין ווייב דינה׳ן אַ פאַראומערטע, האָט ער אַ טיפען זיפ׳ן געטון און אַריינגעגאַנגען אין געצעלט. אויך זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען נאָך אַ קינד און געטראַכט האָט ער זיך: „וואָס דאַרף איך מיינע ווייצען, קאָרענס און גערשטענס, וואָס קומט מיר אַרויס פונ׳ם רויטען, שפּילעוודיגען וויין, אַז איך האָב ניט קיין זון, וואָס זאָל טראָגען מיין נאָמען נאָך מיר?״ אַזוי האָט זיך געטראַכט דער איד מנוח און אויף זיין גע-זיכט האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקען.

— דינה, — האָט מנוח איינמאָל געזאָגט צו זיין ווייב, — גענוג דיר שוין צו וויינען און צו קלאָגען. אַז סע איז ניט באַשערט, וועט ניט העלפען דיין וויינען און דיין זיין אייביג פאַראומערט. גיי אַרויס, איצט שניידען מיינע יונגען און מוידען די ווייגטרויבען פונ׳ם וויינגאָרטען און דו וועסט אַכטונג געבען אויף זיי, וואָרים איך דאַרף גיין אויפ׳ן פעלד, וואו די דרעשערס דרעשען דעם ווייץ.

און געמיינט האָט מנוח אַז ווען דינה וועט קומען צווישען יונגע פריידיגע שניטערס און שניטערינס, וועט זי פאַרגעסען איר טרויער און איר געזיכט, וואָס איז אייביג פינסטער, וועט אויפשיינען. דינה האָט געפאָלגט מנוח׳ן און איז אַרויפגעגאַנגען אויפ׳ן באַרג גלבוע, וואו דער וויינגאָרטען איז געווען. אַ גאַנצען טאָג איז זי געווען צווישען די יונגען און די מוידען, אָבער אַפילו קיין שמייכעל האָט זיך אויף איר געזיכט ניט געוויזען.

פאַרנאַכט, ווען אַלע זענען זיך צעגאַנגען און געבליבען זענען נאָר די שאָטענס פון די וועגען, וואָס די טרויבען זענען אויף זיי געווען אָנגעלייגט, האָט זיך דינה אַוועקגעזעצט אונטער אַ וויינ-שטאָק און זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען. אַ לייכט ווינטעל האָט זיך געקייקעלט פונ׳ם באַרג גלבוע און געכאַפּט האָט עס די ריחות פון אַלע וויינגערטנער אַרום און צוגעטראָגען צו דינה׳ן. האָט איר אין קאָפּ אָנגעהויבען צו רוישען, אויפ׳ן האַרץ איז איר געוואָרען גוט און די אויגען האָבען זיך איר פון זיך אַליין געשלאָסען.

און ווי זי האָט נאָר פאַרמאַכט די אויגען, האָט זיך איר אויס-געדאַכט אַז עמיצער רעדט צו איר מיט אַזאַ שטילער שטים און

גלייך אין איר אויער אַריין. און אפשר רעדט גאָר קיינער ניט, נאָר דאָס ווינטעל כוואַליעט זיך אויף איר אויער? אָבער דינה האָט קלאָר געהערט די שטים און איר האַרץ האָט דערביי געציטערט:

— דינה, דו וועסט געבוירען אַ זון, אָבער געדיינק, דו זאָלסט זיינע האָר ניט שערען און קיין וויין און קיין ביר זאָל ער ניט טרינקען, ווען ער וועט ווערען אַ האַר און אַ הערשער איבער ישראל און וועט ברייננגען הילף צום פאָלק, וואָס קרעכצט אונטער'ן יאָך פון די פלשתים.

און אַז דינה האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זיך איר אויסגעדאַכט אַז אָט די מינוט, איז אימעצער אַוועקגעפליגען פון איר אויער. אַז זי האָט אויפגעהויבען די אויגען, האָט זי געזען אַ טיפען בלויען הימעל אויסגעשפּרייט איבער איר קאָפּ און זילבערנע שטערען ווינקען און שמייכלען צו איר. פונ'ם באַרג האָט זיך דערטראָגען דאָס קוויטשעדיג געוויין פון די שאַקאַלען און דאָס פייפען פון די וועכטער־יונגען, וואָס האָבען געהיט אַז די דאָרשטיגע גרויע חיות זאָלען ניט אויפפרעסען און צעטרעטען די ווינטרויבען פון מנוח'ס וויינ־גאָרטען. פונ'ם טאָל, וואו איר געצעלט איז געשטאַנען, האָט דינה געזען אַ קליין פייערל פינקלען. און זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיט אַ שרעקעדיג האַרץ איז זי אַנטלאָפען אַ היים.

— וואו ביסטו געווען אַזוי שפּעט? — האָט זי מנוח איר מאַן באַגעגענט, — און וואָס ביסטו אַזוי בלייך און צעשראָקען?

האָט אים דינה דערציילט אַלצדינג וואָס מיט איר האָט זיך געטראָפען און פון איר וואונדערליכער זעאונג האָט זי אים אויך דערציילט. און געפלאַטערט האָט זי ווי אַ טויב אין אַ שטורעם און געקוקט האָט זי דעם מאַן גלייך אין די אויגען אַריין צו הערען זיינע ווערטער. און מנוח'ס געזיכט איז ליכטיג געוואָרען און ער האָט געזאָגט:

— דינה, אַ צייכען איז געגעבען געוואָרען אַז דו וועסט גע־בוירען אַ זון און דו דאַרפסט האָפען און גלייבען.

אויף מאָרגען האָט מנוח גענומען אַ ווייס ציגעלע און האָט עס געקוילעט און דער נאָך פאַרברענט אויף אַ שטיין. אַזוי איז יענע צייטען געווען דער איינפיר. און אַז דער פלאַם האָט זיך צעברענט און דער רויך האָט זיך געדרייט אַרויף צום הימעל, האָט זיך מנוח'ן

אויסגעדאַכט אַז ער האָט געזען אַ פיגור, אַ ליכטיגע, מיט שניי־ווייסע פליגלען אינ׳ם פלאַם. און איידער ער האָט נאָך גוט אָנגעקוקט די דאָזיגע פיגור, איז זי באַלד פאַרשוואונדען און דער פלאַם האָט זיך פאַרלאָשען. מנוח איז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט און געקוקט אויפ׳ן שטיין, וואו סע האָט זיך נאָך גערייכערט און ער האָט פאַר־שטאַנען אַז דאָס איז אים אויך געווען אַ צייכען אַז זיין ווייב דינה וועט אים אינגיכען געבוירען אַ זון, ווי סע האָט זיך איר נעכטען גע׳חלום׳ט ווען זי איז געזעסען אין זיין ווייגאָרטען.

אין אַ יאָר אַרום האָט דינה געבוירען אַ זון און מנוח האָט גערופען זיין נאָמען שמשון. אין געצעלט באַ זיי האָט געהערשט אַ גרויסע פרייד און טאַטע מאַמע האָט זיך אויסגעדאַכט אַז שמשון האָט זיי אַריינגעבראַכט ליכטיגקייט.

# שמשון און זיין חבר דן

און אויף שמשונ׳ס קאָפּ איז קיין שער ניט געקומען. זיינע האָר זענען געווען געדיכטע און געקרויזטע און לאַנג זענען זיי געווען, אַז זיי האָבען זיך אים אַלע מאָל געקויקעלט אויף די אַקסלען. אַז שמשון איז אַלט געווען פינף יאָר, איז ער געווען הויך און קרעפטיג און אַלע פונ׳ם דערפעל צרעה האָבען גערעדט צווישען זיך אַז דער דאָזיגער יונג וועט אויסוואַקסען אַ העלד.

און כאָטש שמשון איז געווען אַזוי שטאַרק, האָט ער דאָך געלעבט גוט מיט אַלע קינדער און קיינמאָל זיך ניט געשלאָגען מיט זיי. ער האָט ליב געהאַט שוואַכע קינדער און ער פלעגט זיך שטענדיג מיט זיי שפּילען. צווישען זיינע חברים איז געווען איינער אַ אינגעלע דן, וואָס די עלטערען האָבען קיין פעלד ניט געהאַט און קיין וויינ־גאָרטען אויך ניט און אין זייער געצעלט איז שטענדיג געווען טרויעריג צוליב דער גרויסער אָרימקייט. איז שמשון שטענדיג אַרומגעגאַנגען מיט דעם דאָזיגען בלייכען אינגעלע און ער פלעגט זיך שפּילען מיט אים גאַנצע טעג.

און אַז אין וויינגאָרטען פון שמשונ׳ס עלטערען זענען צייטיג געוואָרען די וויינטרויבען, האָט שמשון גענומען זיין חבר דן און אים אַרויפגעפירט אויפ׳ן וויינגאָרטען און אים געגעבען אַ גרויסען קויש און געהייסען זיך אָנרייסען ענגלען טרויבען וויפיל ער וועט נאָר אַליין ווען. דאָס בלייכע אינגעלע האָט מיט גרויס פרייד געריסען די וויינטרויבען, אַ פולען קויש האָט ער אָנגעריסען און אַז ער האָט דעם קויש געוואָלט אויפהייבען, האָט ער ניט געקענט. און שמשון האָט דעם שווערען קויש אויפגעהויבען ווי אַ לייכט שפּילעכעל און אים אַוועקגעטראָגען אין געצעלט פון דנ׳ס אָרימע עלטערען.

און אַלע, וואָס האָבען אים געזען ווי ער טראָגט דעם שווערען קויש, האָבען זיך געוואונדערט און גערעדט האָבען זיי צווישען זיך אַזוי:

— זעט נאָר ווי שמשון טראָגט אַזאַ שווערען קויש, וואָס אַ דערוואַקסענער מאַן וואָלט ניט געקענט פאַרטראָגען.

— ווי אַלט איז דען שמשון?

— ווען מע האָט געשניטען דעם גערשטען, איז ער אַלט געווען פינף יאָר...

— אַ וואונדער, אַ גרויס וואונדער. ניט קיין מענשליכער כח איז עס...

— זעט זיינע לאַנגע קרויזיגע האָר. זיי זענען שוואַרץ ווי די וואָלקענס וואָס ברענגען שפּריירעגען אין די טעג פון פּסח...

אָבער שמשון האָט ניט געהערט די שמועסען וועגען אים. זיין יונג האַרץ איז פול געווען מיט פרייד וואָס זיין יונגער חבר דן וועט האָבען גוטע וויינטרויבען צום עסען און וואָס דנ'ס עלטערען וועלען זיין זאַט. און אַז ער האָט געבראַכט דעם קויש אין אָרימען געצעלט אַריין, האָט ער אים אויף גיך אַוועקגעשטעלט און איז אַנטלאָפען. און אַז שמשון איז אַהיימגעקומען, האָט אים זיין מוטער באַגעגענט און געזאָגט:

— איך האָב געזען, זון מיינער, וואָס דו האָסט געטון. ביזט אַ גוטער זון און דו וועסט אויסוואַקסען אַ גוטער מענש. מע דאַרף העלפען אָרימע מענשען.

די פלשתים, וואָס האָבען געדריקט די אידען, האָבען געהאַט אין צרעה פיל פון זייערע האַרען און די דאָזיגע האַרען האָבען געהאַט קינדער. פלעגען די קינדער פון די פלשתי'שע האַרען רייצען זיך מיט שמשונ'ען און זאָגען אויף אים אַז ער איז אַ מיידעל, ווייל ער האָט אַזעלכע לאַנגע האָר. אָבער שמשונ'ען האָט עס ניט געאַרט און ער האָט זיך אַפילו ניט צוגעהערט צו זייערע געשרייען. נאָר איינמאָל האָבען די דאָזיגע קינדער אַרומגערינגעלט שמשונ'ען און אים ניט אַרויסגעלאָזט פון זייער קרייז. זיי זענען געווען אַ סך און צווישען זיי זענען געווען גרויסע דערוואַקסענע קינדער.

איז שמשון געשטאַנען אין מיטען קרייז און האָט געקוקט אויף די ווילדע פלשתי'שע קינדער און ער האָט געשמייכעלט. עס איז אים אויסגעקומען אַזוי נאַריש וואָס אָט די דאָזיגע קינדער האָבען אים אַרומגערינגעלט און לאָזען אים ניט אַרויס. ער האָט געוואוסט אַז ווען ער זאָל נאָר וועלען, וועט ער זיי אַלע צעטרייבען און דערפאַר האָט ער געשמייכעלט און געקוקט אויף זיי. אָבער איינער אַ גרויסער געזונטער יונג, מיט שפּיציגע און קרומע אויגען איז צוגעקומען נאָהענט צו שמשונ'ען און אים גענומען רייסען די האָר.

אין שמשון'ען האָט זיך אָנגעצונדען דער צאָרן און ער האָט געכאַפּט דעם יונג און מיט זיינע קליינע הענט האָט ער אים צוגעדריקט צו זיך אַזוי שטאַרק, אַז יענער איז בלייך געוואָרען און די קרומע אויגען האָבען אים אַרויסגעזעצט פון זייערע לעכער. ער האָט אַפּילו ניט געקענט שרייען אַזוי האָט אים פאַרדריקט באַם האַרצען.. און דערנאָך האָט אים שמשון אָפּגעלאָזט און דער יונג איז אַוועקגעגאַנגען, וואַקלענדיג זיך ווי אַ שוואַכע זאַנג ווען עס קומט אַ שטורעמווינט. און אַלע קינדער זענען זיך צעלאָפען דערשראָקענע און געלאָזט שמשון'ען אַליין אינמיטען פעלד. אַליין איז ער געבליבען אַ שטילער און אַ שוויינענדיגער. און אַז דן זיין חבר איז צוגעקומען, האָט אים שמשון געזאָגט:

—דן, איך האָב גאָר ניט געוואוסט אַז איך בין אַזוי שטאַרק. שפּיל זיך מיט מיר ניט מער, וואָרים איך בין ווילדער פון אַ לייב... הערסט דן, חבר מיינער, שפּיל זיך ניט מיט מיר...

און דן איז נאָך מער בלייך געוואָרען ווי ער איז אַלעמאָל געווען און ער האָט מורא געהאַט פאַר שמשון'ען. ער האָט זיך גענומען אָפּרוקען פון שמשון'ען און אַז ער איז שוין געווען אַ ביסעל ווייט פון אים, האָט ער גענומען לויפען ניט אומקוקענדיג זיך אפילו. און שמשון איז ווידער געבליבען אַליין צווישען די בערג וואָס האָבען אַרומגערינגעלט די פעלדער. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס מיט אים איז, אָבער ער האָט געפילט אַז ער וויל איצט זיין אַליין און אַז אפילו דער ווינט זאָל ניט בלאָזען און שויבערען זיינע האָר. אַזוי איז ער אומגעגאַנגען צווישען די פעלדער ביז סע איז געוואָרען פאַרנאַכט און די שאָטענס האָבען אים אַרומגענומען מיט זייערע לייכטע פינגער.

און אַז שמשון איז אַהיים געקומען, האָט ער געטראָפען זיינע עלטערען זיצען פאַר דער שוועל פון זייער געצעלט. זיי האָבען אים באַגעגענט מיט פרייד, אָבער ער האָט געשוויגען און ניט געענטפערט ווי אַלעמאָל אויף זייערע גוטע ווערטער צו אים. ער איז אַריינגעגאַנגען אין געצעלט און זיך צעלייגט אויף דער געדיכטע האָריגער לייבען פעל מיט'ן געזיכט אַראָפּ. און גוט איז אים געווען דאָ צו ליגען און געדאַכט האָט זיך אים אַז ער האַלט אין זיינע אָרעמס אַ לייב, אַ בייזען שטאַרקען לייב...

די מוטער איז שטיל צוגעקומען צו אים, געזעצט זיך לעבען אים און גענומען גלעטען זיינע האָר.

— מאַמע, — האָט זיך שמשון פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, — האָסט שוין אַמאָל געזען אַ לייב?

— וואָס פרעגסטו, זון מיינער? איך האָב קיין לעבעדיגען לייב קיינמאָל ניט געזען און אַ טויטען האָט אַ מאָל געבראַכט אין אונזער הויז אַ יעגער פון תמנה. דיין פאָטער האָט געקויפט די פעל זיינע.

און שמשון האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיט אַ מעכטיגער שטים האָט ער געשריען:

— איך וויל אַ לעבעדיגען לייב. אַ לייב מיט אַ רויטער גריווע און מיט ברענענדיגע, בייזע אויגען...

האָט זיך די מוטער דערשראָקען פאַר זיין געשריי און זי האָט שטאַרק צוגעדריקט זיין קאָפּ צו איר האַרץ און זי האָט געקעמט זיינע האָר מיט אירע לאַנגע דינע פינגער און גערעדט האָט זי:

— וואָס רעדסטו, זון מיינער? צו וואָס דאַרפסטו האָבען אַ לייב? אַ לייב צערייסט דאָך מענשען.

און שמשון איז געוואָרען רואיגער און ער האָט זיך איינגע־טוליעט אין דער מוטערס האַרץ און געזאָגט:

— מאַמע, פאַרוואָס שערסטו מיר ניט אָפּ מיינע האָר? איך האָב דאָך שוין באַלד צעפּ ווי דו. אַלע אינגלאַך שערט מען די האָר און נאָר מיינע ניט. זאָג מיר, גוטע מאַמע, פאַרוואָס?

— ווייל אַזוי, שמשון, האָט מען מיר אָנגעזאָגט אין חלום ווען איך בין געזעסען אין ווינגאָרטען...

און שמשון איז דאַמאָלסט אַלט געווען צען יאָר און ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט שוין אַלט געווען פופצען יאָר, אַזוי הויך און אַזוי שטאַרק איז ער געווען.

# שמשון צערייסט א לייב

ווען שמשון איז אויסגעוואַקסען, איז צו אים קיין גלייכען ניט געווען ניט צווישען די אידען און ניט צווישען אַלע פעלקער וואָס האָבען געוואוינט אַרום. ער איז געווען שלאַנק ווי דער צעדער פונ׳ם באַרג לבנון און זיין געזיכט איז געווען ברויין ווי די זון אין די מיט-זומערדיגע פאַרנאַכטען. זיין קאָפּ איז געזעסען שטאָלץ אויף די אַקסלען און די אויגען זיינע האָבען געברענט מיט אַן אייביג פייער. און אַז ער איז געגאַנגען, האָט זיך געדאַכט אַז יעדער טראָט זיינער האָט געזונגען אַן אַנדער געזאַנג. זיינע האָר זענען שוין געווען אַזוי לאַנג, אַז ער האָט געמוזט אויספלעכטען פון זיי זיבען צעפּ, אַניט האָבען זיי פאַרשטעלט זיין געזיכט.

איינמאָל איז שמשון געווען אין דער שטאָט תמנה, וואו עס האָבען געוואוינט אַ סך פלשתים און ער האָט דאָרט דערזען אַ מיידעל פון די פלשתי׳שע טעכטער און זי איז אים זייער געפעלען געוואָרען. איז ער אַהיימגעקומען צו זיינע עלטערען און ער האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— איך האָב אין תמנה געזען אַ מיידעל און איך וויל זי מיר נעמען פאַר אַ ווייב.

האָט אים זיין פאָטער מנוח געענטפערט:

— איז דען נישטאָ צווישען די טעכטער פון דיינע ברידער די אידען אַ שיין מיידעל, וואָס דו האָסט זיך אויסגעוויילט אַ מיידעל פון די פלשתים וואָס זיי זענען אונזערע פיינט?

אָבער שמשון האָט זיך געהאַלטען ביי זיינעם:

— דאָס מיידעל געפעלט מיר, נעם זי מיר פאַר אַ ווייב.

האָבען אים זיינע עלטערען נאָכגעגעבען, וואָרים זיי האָבען געמיינט אַז דאָס איז אויך אַ צייכען און אַז אַזוי דאַרף עס זיין. און זיי זענען אַלע דריי געגאַנגען אין דער שטאָט תמנה צו נעמען דאָס מיידעל שמשונ׳ען פאַר אַ ווייב.

און אַז זיי זענען צוגעקומען צו די וויינגערטנער וואָס האָבען אַרומגערינגעלט די שטאָט תמנה, האָט זיך שמשון אַוועקגענומען

אין דער זייט אַריין און איז זיך אַליין געגאַנגען אויפ׳ן וועג. סע איז געווען אין מיטען העלען ברענענדיגען טאָג. די זון האָט גערוט אויף די געדיכטע ווײנשטאָקען. קיין ווינט האָט ניט געבלאָזען און קיין פויגעל האָט ניט געצוויטשעט.

שמשון איז געגאַנגען אַליין, ווייל אַזוי האָט ער געוואָלט, ווייל אַזוי איז אים געווען בעסער. זיין קאָפּ האָט ער געהאַלטען פאַר־ריסען צום הימעל, וואָס קיין פיצעל וואָלקען איז אויף אים ניט געווען און זיינע אויגען האָבען זיך געטרונקען אינ׳ם וואונדער־ליכען בלויקייט.

פלוצלינג האָט שמשון דערהערט דאָס ברילען פון אַ לייב און זיין האַרץ האָט אויפגעציטערט. אַ לייב, אַן אמת׳ער לייב! און ער האָט זיך אין איין רגע דערמאָנט אָן דעם ווי ער איז אַמאָל קליינערהייט געלעגען אַן אומעטיגער אויף דער געדיכט האָריגער פעל פון אַ לייב און ווי סע האָט אין זיין האַרץ געברענט דער פאַר־לאַנג צו באַגעגענען זיך מיט אַ לעבעדיגען לייב. זיין יונג בלוט האָט אָנגעהויבען צו לויפען אין זיינע אָדערען אַזוי שנעל און גע־ברענט האָט עס ווי צעלאָזען בליי. ער האָט דערפילט אין זיך אַן אומגעהויערע קראַפט. זיינע הענט זענען געוואָרען האַרט ווי שטיין. אין איין רגע און דער לייב איז שוין געשטאַנען לעבען שמשונ׳ען און געקוקט אויף אים מיט זיינע ברוינע אויגען. שמשון האָט אויך געקוקט אויף אים און דער יונגער לייב האָט אים געצויגען צו זיך. סע האָט זיך אים געוואָלט צו פאַלען צו זיין גריווע און איינגורען אין איר דעם קאָפּ זיינעם און פילען זיך אַזוי נאָענט מיט אים, דעם קעניג פון אַלע חיות.

דער לייב האָט אָבער לאַנג ניט געוואַרט און ער האָט זיך געגעבען אַ וואָרף ׳אויף שמשונ׳ען מיט איין מעכטיגען שפרונג. און שמשון האָט גאָר פאַרגעסען אַז ער איז אַ מענש, נאָר ער האָט דערפילט אין זיך אַ פאַרלאַנג צו קעמפען מיט דער חיה, ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ חיה. און ער האָט מיט זיינע שטיין־האַרטע הענט אַ קלאַפּ געטון דעם לייב אין געזיכט און אים אומגעשליידערט. און דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן רוקען פון דער חיה, האָט אויפגעריסען איר ברייטען פיסק און האָט מיט איין מאָל אַזאַ

ריס געטון, אַז ער האָט אים צעריסען אויף צווייען אַזוי גרינג ווי דער לייב צעררייסט אַ ציגעלע.

און ער איז ווייטער געגאַנגען אויפ'ן וועג קיין תמנה. ביי די טויערען פון דער שטאָט האָט ער באַגעגענט זיינע עלטערען און ער איז מיט זיי געגאַנגען. ער האָט זיי ניט דערציילט וועגען זיין באַגעגעניש מיט'ן לייב, נאָר ער איז געגאַנגען און געשוויגען.

און אַז זיי זענען אַלע דריי געקומען אין שטאָט, זענען זיי אַריינ־געגאַנגען אין געצעלט פונ'ם פלשתי'שען מיידעל. ער האָט מיט איר גערעדט און זי איז אים נאָך מער געפעלען געוואָרען. און ער האָט זי גענומען פאַר אַ ווייב פאַר זיך. שפּעטער מיט עטליכע טעג איז ער ווידער געגאַנגען מיט זיינע עלטערען אין תמנה צו נעמען דאָס ווייב זיינס אין זיין געצעלט. אויפ'ן וועג איז ער ווידער אַוועקגע־גאַנגען אויפ'ן זייטיגען וועג צו זען דעם צעריסענעם לייב. און ער האָט געפונען ווי טויזענטער בינען האָבען זיך געמאַכט אַ בינשטאָק אינ'ם בויך זיינעם און האָניג האָט געטריפט מיט שווערע גאָלדענע טראָפּענס. האָט שמשון גענומען מיט זיינע הענט דעם האָניג און ער האָט געגעסען. און ער האָט אויך געגעבען זיינע עלטערען און זיי האָבען אויך געגעסען. און ניט געזאָגט האָט ער זיי אַז דער האָניג האָט געטריפט פונ'ם טויטען לייבס קערפּער.

און אַז זיי זענען געקומען אין תמנה, האָט שמשון געמאַכט אַ גרויסע סעודה, ווייל אַזוי האָט זיך דאַמאָלסט געפירט אַז די בחורים, וואָס האָבען גענומען ווייבער פאַר זיך, האָבען געמאַכט סעודות אין די געצעלטען פון זייערע ווייבערס עלטערען. און געווען זענען אויף דער סעודה דרייסיג יונגע, געזונטע פלשתי'שע בחורים. האָט שמשון צו זיי געזאָגט:

— איך וועל אייך פרעגען אַ רעטעניש און אויב איר וועט עס טרעפען אין די זיבען טעג פון דער סעודה, וועל איך אייך געבען דרייסיג לייליכער און דרייסיג גאַרניטערס קליידער. און אַז איר וועט ניט טרעפען, וועט איר מיר דאַרפען גיבען דרייסיג לייליכער און דרייסיג גאַרניטערס קליידער.

און די דרייסיג יונגע פלשתי'שע בחורים האָבען געזאָגט צו שמשונ'ען:

— זאָג אונז דיין רעטעניש, וועלען מיר הערען.

און שמשון האָט זיי געפרעגט דאָס רעטעניש:

וואָס איז עס, פון איינעם וואָס עסט אַליין איז אַרויסגעקומען אַן עסען און פון אַ בייזען איז אַרויסגעקומען אַ זיסע שפּייז?

און די דרייסיג בחורים האָבען זיך געבראָכען די קעפּ און זיי האָבען דאָס רעטעניש ניט געקענט טרעפען. און עס איז שוין גע־קומען דער זיבעטער טאָג און זיי האָבען געזאָגט צו שמשון'ס ווייב:

— רעד דו איבער שמשון'ען ער זאָל דיר דעם באַשייד פון'ם רעטעניש זאָגען און דו וועסט אונז אויסזאָגען, וואָרים אַניט וועלען מיר פאַרברענען דיך און דיין פאָטערס הויז אין פייער. וואָס מיינסטו, האָסט אונז פאַרבעטען אַהער צו באַרויבען אונז?

און שמשון'ס ווייב איז דאָך אַליין געוועזען אַ פּלשתי'שע טאָכטער, האָט זי געהאַלטען מיט די מענשען פון איר פאָלק. און זי האָט געוויינט איבער שמשון'ען און געזאָגט:

— דו האָסט מיך גענומען פאַר אַ ווייב, אָבער דו האָסט מיך ניט ליב. האָסט געפרעגט אַ רעטעניש באַ די זין פון מיין פאָלק און מיר האָסטו גאָר ניט געזאָגט.

און שמשון האָט איר געענטפערט:

— צו מיינע אייגענע טאַטע מאַמע האָב איך ניט דערציילט, זאָל איך דיר יאָ דערציילען?

אָבער שמשון'ס ווייב האָט געהאַלטען אין איין וויינען און ער האָט איר געזאָגט דעם באַשייד פון'ם רעטעניש. און אַז סע איז געקומען דער זיבעטער טאָג פון דער סעודה פאַרנאַכט, איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען און די יונגע פּלשתי'שע בחורים האָבען אים געזאָגט:

— אָט דאָס איז דער באַשייד פון דיין רעטעניש: פון אַ לייב, וואָס האָט אַליין געגעסען, איז אַרויסגעקומען אַן עסען און פון'ם בייזען לייב איז אַרויסגעקומען זיסער האָניג.

און שמשון האָט פאַרשטאַנען אַז זיין ווייב האָט זיי אויס־געזאָגט דעם באַשייד פון'ם רעטעניש, אָבער ער האָט געהאַלטען וואָרט. ער איז אָבער געוועזען אָרים און האָט ניט געהאַט אַזוי פיל זאַכען צו געבען, האָט ער זיך אַזוי געטראַכט:

— די פלשתים זענען מיינע פיינט, אַפילו מיין אייגען ווייב האָט מיך אָפּגענאַרט. איך וועל באַצאָלען מיין חוב, אָבער איך וועל עס נעמען טאַקע באַ די פלשתים אַליין.

און שמשון איז געגאַנגען אין דער פלשתי'שער שטאָט אשקלון און ער האָט דאָרטען געטויט דרייסיג מענשען און האָט באַ זיי צוגענומען זייערע קליידער און האָט זיי אָפּגעגעבען צו די דרייסיג יונגע פלשתים. און זיין ווייב האָט ער איבערגעלאָזט, ווייל זיין צאָרען האָט אין אים געברענט אויף איר און ער איז געגאַנגען צוריק אין געצעלט פון זיינע עלטערען אינ'ם שטעטעל צרעה, וואָס איז געלעגען באַם צופוסענס פונ'ם בלויען באַרג גלבוע.

און שמשון איז שוין דאַמאָלסט געווען אַ דערוואַקסענער מאַן. אַלע אידען האָבען געגלייבט אין אים און זיי האָבען אים געמאַכט פאַר זייער שופט. ער האָט גע'משפט דאָס פאָלק מיט קלוגשאַפט און גערעכטיגקייט און אַלע האָבען אים דערפאַר ליב געהאַט. צוליב זיין שטאַרקייט האָבען די פלשתים מורא געהאַט צו טון שלעכטס די אידען און שמשון איז געווען גליקליך מיט דעם וואָס ער קען דינען זיינע געדריקטע ברידער.





שמשון צעררייסט דעם לייב

# שמשון פארברענט פלשתי׳שע פעלדער

און געווען איז איינמאָל אין דער צייט ווען מע האָט געשניטען דעם ווייץ. שמשון איז געווען אין גדי עזים און צוזאַמען מיט אַנדערע האָט ער געשניטען דעם גאָלדיגען ווייץ. סע איז געווען וואונדערליך שיין אין דרויסען. פון די בערג האָט געבלאָזען אַ לינד ווינטעל. פון אַלע זייטען האָט זיך געטראָגען אַ פריידיג געזאַנג. און אין איינעם מיט דער פרייד איז אויך געקומען אַזאַ גוטער און ליכטיגער טרויער. שמשון׳ס מעכטיגע ברוסט האָט אַריינגעאָטעמט די פרישע שמעקענדיגע לופט און אים האָט זיך געדאַכט אַז זי איז געוואָרען ברייטער. אָך, ווי גוט און טרויעריג עס איז איצט.

און דער פאַרנאַכט האָט אַראָפּגענידערט. די זון האָט געזונקען אַרונטער די בערג און האָט געלאָזט אַ הימעל מיט שטיקער גאָלדענע וואָלקענס. שמשון האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט׳ן וועג בלאָנקען איבער די פעלדער און זיין האַרץ איז פול געווען מיט געזאַנג. און ווי ער איז געגאַנגען, האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן זיין ווייב פון תמנה וואָס ער האָט זי פאַרלאָזען דערפאַר וואָס זי האָט אויסגעזאָגט צו די דרייסיג יונגע פלשתים דעם באַשייד פון זיין רעטעניש. און ער האָט זיך אַזוי געטראַכט:

— איך וועל גיין צו מיין ווייב. זי איז געווען יונג, האָט זי מיך אָפּגענאַרט, אָבער איצט וועט זי מיר שוין זיין געטריי. זי איז דאָך מיר אַזוי געפעלען געוואָרען ווען איך האָב זי געזען און גערעדט מיט איר. איך וועל גיין צו איר און זי איבערבעטען.

און ער איז געקומען קיין תמנה צו זיין ווייבס געצעלט, אָבער איר פאָטער האָט אים ניט אַריינגעלאָזט צו איר. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער טיר פון׳ם געצעלט און געזאָגט:

— זי איז שוין איצט ניט דיין ווייב, וואָרים איך האָב זי אַוועקגעגעבען צו אַן אַנדערען. אָבער איך וועל דיר געבען איר אינגערע שוועסטער, זי איז שענער און קליגער פון איר.

האָט עס שמשון'ען פאַרדראָסען. ער האָט ניט געוואָלט אײ שוועסטער און ער האָט צו זיך געזאָגט:

— איך זע אַז די פלשתים זענען מיינע פיינט און די פיינט פו מיין פאָלק. איך וועל זיי אָפּטון שלעכטס פאַר'ן שלעכטס וואָס זיי האָבען מיר געטון.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן פעלד און האָט געכאַפּט דריי הונדערט שאַקאַלען און ער האָט צונויפגעבונדען זייערע עקען און צווישען די עקען האָט ער אַריינגעפלאָכטען ברענענדיגע פאַקעלען און האָט זיי אַריינגעטריבען אין די שטייענדיגע ברויטען פון די פלשתי'שע פעלדער. און געלאָפען זענען די שאַקאַלען איבער די פלשתי'שע פעלדער און האָבען אונטערגעצונדען אַלע ברויטען. און זיי זענען אויך אַריינגעלאָפען אין די מאַנדעלגערטנער און האָבען זיי אויך אונטערגעצונדען.

און געווען איז עס אין מיטען נאַכט און די פלאַמען האָבען באַלויכטען אַ שטיק פון דער נאַכט. און אַז די פלשתים האָבען דאָס דערזען, האָבען זיי געפרעגט ווער סע האָט עס געטון, האָבען די איינוואוינער פון תמנה געענטפערט:

— שמשון האָט עס געטון דערפאַר וואָס דער שווער זיינער האָט באַ אים צוגענומען זיין ווייב און זי אָוועקגעגעבען צו אַן אַנדערען.

זענען זיי געקומען צום געצעלט פון שמשון'ס שווער און זיי האָבען עס אונטערגעצונדען און ער מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד זענען פאַרברענט געוואָרען. און אַז שמשון האָט געהערט וואָס די פלשתים האָבען געטון מיט זיין ווייב, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסען און ער האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן זיי. און ער איינער אַליין איז באַפאַלען די אונטערצינדער און האָט אַ סך פון זיי געטייט.

און אַז שמשון האָט דאָס געטון, האָט ער פאַרשטאַנען אַז די פלשתים וועלען אים ווען דער'הרג'ענען, איז ער אַנטלאָפען און האָט זיך באַהאַלטען אין אַ הייל, וואָס איז געווען אויסגעהאַקט אין אַ שטיין. קיינער פון די פלשתים האָט ניט געוואוסט וואו שמשון געפינט זיך, נאָר די אידען האָבען יאָ געוואוסט. זיין מוטער

פלעגט אים אַלע מאָל ברייננגען עסען און זי האָט מיט אים גערעדט און געטרייסט אים. אָבער שמשון האָט איר געענטפערט:

— דו דאַרפסט מיך ניט טרייסטען, גוטע מאַמע מיינע. מיר איז דאָ גוט, וואָרים איך האָב דאָ ליב צו זיין אַליין. און דאָ, אין דער שטיינערנער הייל טראַכט איך מיר מיינע געדאַנקען און קיינער שטערט מיר ניט. אַז איך וויל זען דאָס ליכט פון'ם טאָג, גיי איך אַרויס פון דער הייל און איינער אַליין קוק איך אויף דער זון און אויף די ווייטע בערג. זיי ניט פאַרזאָרגט, מיר איז דאָ גוט...

און די פלשתים האָבען צונויפגענומען זייערע אַרמייען און זיי זענען באַפאַלען די אידען אין יהודה. האָבען די מענשען פון יהודה געפרעגט די עלטסטע פון די פלשתי'שע אַרמייען:

— פאַרוואָס זענט איר אונז באַפאַלען און פאַרוואָס אונטעריאָכט איר אונז נאָך מער ווי פריער?

און די עלטסטע האָבען געענטפערט:

— מיר ווילען פאַנגען שמשונ'ען און טון מיט אים ווי ער האָט אונז געטון.

און דריי טויזענט מענשען פון יהודה זענען געקומען צו שמשונ'ען אין דער שטיינערנער הייל וואו ער איז געווען באַהאַלטען און זיי האָבען צו אים אַזוי געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך, שמשון, אַז די פלשתים געוועלטיגען איבער אונז, מיר זענען די שוואַכע און זיי זענען די שטאַרקע, פאַרוואָס זשע האָסטו דאָס געטון? זיי וועלען דאָך אונז אַלע פאַרטיליגען.

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר איצטער? — האָט שמשון געפרעגט.

— מיר וועלען דיך בינדען און איבערגעבען אין די הענט פון די פלשתים און זיי וועלען אונז ניט אַזוי פיל שלעכטס טון. זיי האָבען אָנגעשיקט אויף אונז זייערע אַרמייען...

האָט שמשון זיי געהייסען קומען שפּעטער, וועט ער זיי גיבען אַן ענטפער. און אַז די מענשען פון יהודה זענען אַוועקגעגאַנגען און שמשון איז ווידער געבליבען אַליין, האָט אים דאָס האַרץ אָנגעהויבען ווייַ צו טון אויף זיינע ברידער די אידען און ער האָט צו זיך אַזוי געזאָגט:

— איך וועל זיך לאָזן איבערענטפערן אין די הענט פון די פלשתים און זאָלן מיינע ברידער ניט ליידן צוליב מיר. די פלשתים וועלן נאָך ברענגען אויף זיי הונגער און שטראָף, זיי וועלן מאָרדן זייערע קינדער און פאַרברענען זייערע געצעלטן.

און אַז די מענשן פון יהודה זענען געקומען צוריק צו שמשון׳ען אין הייל, האָט ער זיי געזאָגט:

— איך וועל זיך לאָזן בינדן און איר וועט מיך ברענגען צו די פלשתים. אָבער א י ר זאָלט מיר גאָרניט טאָן.

און מע האָט שמשון׳ען געבונדן מיט צוויי נייע שטריק וואָס געפלאָכטן זענען זיי געווען אין דרייען. און געבראַכט האָבן אים די מענשן פון יהודה צו די פלשתים אַ געבונדענעם. און אַז זיי האָבן אים איבערגעגעבן אין זייערע הענט, האָט שמשון אַ ציי געטון זיינע אָרעמס און די שטריק זענען געוואָרן אַזוי ווי איבער-געברענטער פלאַקס און ער האָט זיי מיט איין מאָל צעריסן.

און ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון די פלשתי׳שע הענט און האָט געכאַפּט דעם קינבאַק פון אַ טויטן אייזל וואָס ער האָט געפונען און האָט מיט דעם געוואָרפן זיך אויף די פלשתי׳שע אַרמייען. די פלשתים האָבן געהאַט בויגנס און פיילן, אָבער איידער זיי האָבן זיך נאָך אַרומגעקוקט, האָט ער זיי שוין גענומען שלאָגן רעכטס און לינקס. און די פלשתים זענען געפאַלן ווי די פליגן אונטער די קלעפּ פון שמשון׳ען.

טויזנט פלשתים האָט שמשון געטייט און די איבעריגע זענען זיך אין טויט שרעק צעלאָפן. קיין איין פלשתי איז ניט געבליבן אַרום אים. און שמשון איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אַהיים.

איינמאָל איז שמשון געקומען אין דער שטאָט עזה און ער איז דאָרטן געבליבן נעכטיגן. און די פלשתים האָבן זיך דער-וואוסט אַז שמשון איז דאָ אין שטאָט, האָבן זיי פאַרשלאָסן די טויערן פון שטאָט און האָבן געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— פון שטאָט וועט ער איבערנאַכט שוין ניט קענען אַרויסקומען און מאָרגן גאַנץ פרי, וועלן מיר אים כאַפּן און מיר וועלן אים טייטן, וועלן מיר ניט האָבן מער קיין שרעק.

אָבער שמשון האָט פאַרשטאַנען וואָס די פּלשתים ווילען אים טון, וואָרים ער איז געווען געבענטשט מיט אַ וואונדערליכען פאַר־שטאַנד און ער איז אויפגעשטאַנען אינמיטען נאַכט און ער איז אַוועקגעגאַנגען צו די טויערען פון שטאָט. ער האָט געהערט ווי פון יענער זייט דרייען זיך אַרום די פּלשתי׳שע היטער און רעדען צווישען זיך וועגען אים:

— אָ, איצט איז ער שוין אין אונזערע הענט, — האָט איינער געזאָגט.

— מיר וועלען זיך מיט אים אָפּרעכענען פאַר אַלע טויזענטער אונזערע, וואָס ער האָט געטייט...

— כאַ-כאַ-כאַ! איי, וועט ער זיך עס צאַפּלען אין אונזערע קייטען, אָט דער שמשון...

און אַרום איז געווען שטיל, די גאַנצע שטאָט איז געשלאָפען. בלויז די עטליכע פּלשתי׳שע היטער האָבען געוואַכט פון יענער זייט טויערען און שמשון פון דער זייט. און געהוען זענען די טויערען פון שווערען דעמבענהאָלץ און דיק זענען זיי געווען פינף איילען די דיק. און די ריגלען, וואָס אויף זיי זענען זיי געהאַנגען, זענען געווען פון שטאַרקען שטאָל און די שלעסער אויף די טויערען זענען געווען אויך שטאָלענע מיט אייזערנע ריגלען איבער זיי.

האָט שמשון אָנגענומען די שטאָלענע ריגלען מיט זיינע מעכטיגע הענט און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו וואַקלען. און דערנאָך האָט ער זיי מיט איינמאָל אויסגעריסען פון זייערע גרונטען און ער האָט גענומען די ריגלען מיט די טויערען אינאיינעם אויף זיינע פּלייצעס און האָט זיי איבערגעטראָגען אויפ׳ן שפּיץ פונ׳ם באַרג. און ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער שטאָט עזה און די פּלשתים האָבען אים ניט געכאַפּט.

# שמשון און דלילה

שפּעטער האָט שמשון זיך גענומען פֿאַר אַ ווייב איינע אַ פּלשתּי'שע פֿרוי וואָס האָט געהייסען דלילה. ער האָט זי באַגעגענט אינ'ם טאָל שורק און געוועזן איז זי זייער אַ שיינע, מיט שוואַרצע האָר און ברענענדיגע אויגען. אָבער זי איז, ווי אַלע פּלשתּי'שע טעכטער, געוועזן אַ פֿיינט פֿון די אידען. און סע זענען געקומען צו איר די האַרען און האָבען צו איר אַזוי געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך אַז שמשון איז אונזער שטאַרקסטער פֿיינט. מיר קענען אים ניט בייקומען, ווייל ער האָט אַ באַהאַלטענע קראַפֿט אין זיך און מיר ווייסען ניט אין וואָס זיין קראַפֿט איז. דו ביזט דאָך זיין ווייב און אַז דו וועסט אים איבעררעדען, וועט ער דיר אויסגעבען דעם סוד פֿון זיין קראַפֿט און מיר וועלען ווּיסען ווי אים בייצוקומען. דו ביסט דאָך אַ פּלשתּי'שע טאָכטער און דו דאַרפֿסט דינען דיין פֿאָלק. און מיר וועלען דיר נאָך דערפֿאַר גיבען יעדער איינער צו טויזענט און הונדערט שטיקער זילבער.

און ווען שמשון איז געוועזן מיט דלילה'ן אין געצעלט, איז זי צוגעקומען צו אים און געפֿרעגט:

— זאָג מיר, שמשון, מיט וואָס איז דיין קראַפֿט אַזוי גרויס אַז קיינער אויף דער וועלט קען דיך ניט בייקומען. ביסט אַזאַ שטאַרקער, מיין גוטער שמשון, זאָג, מיט וואָס מע קען דיך בייקומען...

און שמשון האָט ניט געוואוסט אַז דלילה איז אונטערגעקויפֿט פֿון די פּלשתּי'שע האַרען און ער האָט געשמייכעלט אויף איר פֿראַגע, וואָרים ער האָט אַליין ניט געוואוסט אין וואָס זיין באַהאַלטענע קראַפֿט איז. און געזאָגט האָט ער צו איר אַזוי:

— אַז דו וועסט מיך בינדען מיט זיבען פֿייכטע שטריק וואָס זענען נאָך קיינמאָל אויסגעטריקענט געוואָרען, וועל איך פֿאַר־לירען מיין קראַפֿט און איך וועל קראַנק ווערען און ווערען גלייך מיט אַלע מענשען.

און די פלשתי'שע האַרען האָבען שטילערהייט געבראַכט דלילה'ן זיבען פייכטע שטריק, וואָס זענען נאָך קיינמאָל ניט טרוקען געוואָרען און דלילה מיט עטליכע פלשתים האָבען שמשונ'ען געבונדען די הענט און די פיס מיט די דאָזיגע שטריק. זיי האָבען איבערגעלאָזט אין געצעלט און זענען אַוועקגעגאַנגען. פלוצלינג איז דלילה אַריינ־געפאַלען מיט אַ געשריי אין געצעלט וואו שמשון איז געלעגען:

— שמשון, די פלשתים האָבען אַרומגערינגעלט דאָס געצעלט און זיי ווילען דיך באַלד פאַנגען.

און שמשון האָט צעריסען די זיבען פייכטע שטריק ווי מע צערייסט אַ פלאַקסענעם פאָדעם...

אַז דלילה האָט דאָס געזען, האָט זי אָנגעהויבען צו וויינען און רעדען צו שמשונ'ען:

— דו האָסט געשפּאַסט פון מיר, האָסט מיך אָפּגענאַרט. זאָג מיר איצט מיט וואָס דיין קראַפט איז גרויס.

און שמשון האָט צו איר געזאָגט:

— אַז דו ווערסט מיך בינדען מיט נייע שטריק, וואָס זיי זענען נאָך קיינמאָל ניט גענוצט געוואָרען, וועל איך ווערען שוואַך און מען וועט מיך קענען בייקומען ווי איינעם פון אַלע מענשען.

האָט אים דלילה געבונדען מיט נייע שטריק, ווי ער האָט גע-זאָגט, און האָט אויסגעשריען:

— שמשון, פלשתים קומען אויף דיר!...

און ער האָט די שטריק צעריסען ווי מען צערייסט אַ דינעם פאָדעם פון באַוועל.

און דלילה האָט ווידער געוויינט איבער אים און גערעדט מיט אירע פאַלשע רייד:

— דו האָסט מיך איצט אויך אָפּגענאַרט. דו האַלטסט אין איין שפּאַסען פון מיר... זאָג מיר איצט אין וואָס ליגט דיין באַהאַלטענע קראַפט. איך וויל עס אַזוי שטאַרק וויסען...

און שמשון האָט צו איר געזאָגט:

— אַז דו ווערסט צונויפבינדען מיינע זיבען צעפּ מיט דעם פאָרהאַנג און דו ווערסט דעם פאָרהאַנג אַריינקלאַפּען מיט'ן אייזערנעם

פלאַקען פונ׳ם געצעלט אין דער ערד, וועל איך ווערען אָפּגעשוואַכט און אַפילו אַ קליין קינד וועט מיך קענען בייקומען. איך וועל ווערען אַ קראַנקער, שוואַכער מענש...

און סע איז געווען אין איינער אַ נאַכט אוז שמשון איז געשלאָפען אין זיין געצעלט, האָט דלילה צונויפגעבונדען זיינע זיבען צעפּ מיט׳ן פאָרהאַנג און דעם פאָרהאַנג האָט זי אַריינגעקלאַפּט מיט׳ן אייזערנעם פלאָקען פונ׳ם געצעלט אין דער ערד אַריין. און צונויפגערופען האָט זי אַלע האַרען און האָט זיי דערציילט אַז איצט איז שוין שמשון אין זייערע הענט, ער וועט שוין מער ניט קענען אַרויסרייסען זיך פון זיי. זיי האָבען שוין צוגעגרייט דאָס זילבער פאַר דלילה׳ן און האָבען זיך געפרייט מיט זייער נצחון. און דלילה איז אַריינגעקומען אין געצעלט, וואו שמשון איז געשלאָפען און זי האָט אויסגעשריען:

— שמשון, פלשתים קומען אויף דיר!...

און שמשון האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און מיט איין ריס האָט ער אויסגעריסען דעם אייזערנעם פלאָקען פון דער ערד און מיט די הענט האָט ער צעריסען די צעפּ, וואָס זענען געווען צונויפגעבונדען מיט׳ן פאָרהאַנג. און די פלשתי׳שע האַרען זענען אין איינע שרעק אַנטלאָפען און האָבען מיטגענומען מיט זיך דאָס זילבער וואָס זיי האָבען געבראַכט פאַר דלילה׳ן דערפאַר וואָס זי האָט אויסגענאַרט באַ שמשונ׳ען דעם סוד פון זיין באַהאַלטענער קראַפט. און דלילה אַליין איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע און האָט ניט געקענט אַרויסרעדען קיין וואָרט. אירע שוואַרצע אויגען זענען געווען ברייט אויפגעריסען און די האָר צעשויבערט. און שמשונ׳ען איז געפעלען געוואָרען איר שרעק און ער האָט זיך צעלאַכט.

— האָסט זיך דערשראָקען פאַר מיר, דלילה? — האָט שמשון געזאָגט, — נאַ, אָט האָסטו די שטיקלאַך פונ׳ם פאָרהאַנג און דעם פלאָקען פונ׳ם געצעלט... און די פלשתים דיינע זאָלסטו זאָגען, אַז שמשונ׳ען וועלען זיי אַזוי גיך ניט פאַנגען...

האָט דלילה זיך צעוויינט און זי איז געפאַלען צו זיינע פיס און זיך געקנוילט ווי אַ שלאַנג.

— אַזוי האָסטו מיך אָפּגענאַרט שוין דריי מאָל. איך וועל זיך שעמען פאַר אַלע מיינע חבר׳טעס, האָסט מיך אַרויסגעשטעלט צו שאַנד פאַר מיין גאַנצען פאָלק.

און שמשון האָט אָפּגעשטויסען פון זיך דלילה׳ן און זיין געזיכט האָט זיך אָנגעצונדען:

— שמשון נאַרט קיינמאָל ניט אָפּ, הערסטו, דלילה, שמשון זאָגט קיין ליגען ניט. שמשון האָט דיך פיינט דערפאַר. זאָלסט זיך קיינמאָל ניט באַווייזען פאַר שמשון׳ס אויגען...

און אַז ער האָט געזען ווי דלילה האָט נאַס געמאַכט די ערד מיט אירע טרערען, ווי זי דרייט זיך און קריכט צו זיינע פיס, איז ער ווידער גוט געוואָרען צו איר און ער האָט זי אויפגעהויבען און אוועקגעזעצט לעבען זיך און געזאָגט:

— זיי ניט קיין נאַר, דלילה, איך וואָלט דיר געזאָגט, אָבער איך וויים אַליין ניט אין וואָס עס ליגט מיין באַהאַלטענע קראַפט. איך בין שטאַרק, ווייל איך בין אַזוי...

— דו ווייסט, נאָר דו ווילסט מיר ניט זאָגען, — האָט דלילה אַלץ ווייטער געוויינט פאַר אים.

# שמשון דערציילט דעם סוד פון זיין קראפט

און אַזוי האָט זי געוויינט פאַר שמשון׳ען עטליכע טעג נאָכאַנאַנד ביז סע איז געקומען איינער אַ טאָג, אַ הייסער, זומערדיגער טאָג. שמשון איז געזעסן פאַר דער טיר פון זיין געצעלט און האָט געקוקט אויף דער וואונדערליכער בלויער ווייטקייט. ער איז ערשט געקומען פונ׳ם וואַלד וואו די ביימער האָבען אים צוגעדעקט מיט זייערע גרינע צווייגען און וואו די וועווערקעלאַך זענען געשפרונגען איבער אים.

און איצט איז דאָ אַזוי גוט צו זיצען און פיהלען דעם לייכטען ווינט, וואָס כוואַליעט די לופט. און ווי ער איז אַזוי געזעסן, איז צו אים צוגעקומען דלילה. ער האָט זי ניט געזען צוקומען, נאָר פּלוצלינג האָט ער דערפילט אַ לייכטען קיצעל אויפ׳ן געזיכט און אַז ער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזען אַז דלילה קיצעלט אים מיט אַ דינעם צווייג פון אַ יונגען איילבירטבוים. און איר געזיכט איז געווען באַגאָסען מיט׳ן שיין פון דער זון און אירע אויגען האָבען אַזוי פריידיג געברענט און געשמייכעלט האָט זי ווי אַ גליקלאַך קינד וואָס האָט צום ערשטען מאָל דערזען די זון אין דעם בלויען הימעל.

שמשון איז אויפגעשפרונגען מיט אַן אויסגעשריי וואָס האָט געקלונגען ווי אַ געזאַנג:

— אָ, דלילה, דו ביזט שוין צוריק די פריערדיגע דלילה, די ליכטיגע, די פריידיגע...

און דלילה האָט גענומען קאַמען אירע פעך-שוואַרצע האָר מיט אירע לאַנגע זוניגע פינגער און מיט אירע אויגען האָט זי זיך געזעגנ׳דעלט פאַר שמשונ׳ען. ער האָט זיך אָנגעפאַנגען דרייען אַרום איר אין אַ ווילדען טאַנץ, פון זיין האַרץ האָבען זיך אים אַרויסגעריסען אַזעלכע געזאַנגען, וואָס האָבען אָפּגעקלונגען אין ווייטקייט ווי די דונערען.

און אַז דלילה האָט דאָס געזען, האָט זי אײַנגעצן צעוואָרפען אירע האָר און זי האָט אָנגעכאַפּט שמשון'ען בײַ אַ פּאָלע פון זײַן קלייד און אים מער ניט געלאָזט טאַנצען.

— זעץ זיך אַוועק מיט מיר אונטער'ן שאָטען פון'ם פייגענבוים, — האָט זי צו אים געזאָגט, — דער טאָג איז אַזאַ הייסער אַז אַלע הינט אין גת גייען אַרום מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער. קום, שמשון, און מיר וועלען רוען אונטער'ן שאָטען פון'ם פייגענבוים.

און שמשון איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ פאַר'כישופ'טער. דער פייגענבוים איז געווען אַ צעוואַקסענער און דער שאָטען אַרום אים האָט זיך צעלייגט אויף דער ערד ווי אַ שוואַרצע קרוין.

— די צווייגען וועלען אונז צודעקען, — האָט דלילה ווייטער גערעדט, — און די היץ וועט אונז ניט קענען גרייכען. קום, דאָ, טיפער אונטער דער קרוין... אָ, סע איז דאָ פינסטער ווי אינמיטען נאַכט. שפּאַר אָן דײַן קאָפּ, שמשון, אויף מײַן אַקסעל און פאַרמאַך דײַנע אויגען...

און שמשון האָט אָנגעשפּאַרט זײַן קאָפּ אָן דלילה'ס אַקסעל און ער האָט פאַרמאַכט זײַנע אויגען. און דלילה האָט גענומען זײַנע האָר מיט אירע פינגער און געזונגען שטיל איינס פון די געזאַנגען פון איר פאָלק די פּלשתים. און שמשון האָט געשמייכעלט ווי פון שלאָף.

— דײַנע פינגער ברענען און קילען, — האָט ער גערעדט, — דײַן אַקסעל איז ווייכער פון אַ לייבען-פעל. אָ, דלילה, מײַן גוטע, ליכטיגע דלילה...

און אַז זיי זענען אַזוי אָפּגעזעסען אַ לאַנגע צײַט, האָט דלילה אים אַרײַנגעשושקעט אין אויער און איר אָטעם האָט אויף אים אַ בלאָז געטון ווי מיט אַ הייסען מדבר ווינט:

— זאָג מיר איצט, שמשון, אין וואָס איז דײַן באַהאַלטענע קראַפט. מײַן האַרץ ווערט אין מיר פאַרברענט. מיר דאַכט זיך אַז אַלע מײַנע חבר'טעס קוקען אויף מיר מיט שפּאָטישע בליקען. זיי זאָגען אַז דו נאַרסט מיך שטענדיג. זאָג מיר, שמשון, אין וואָס איז דײַן באַהאַלטענע קראַפט. ביזט דאָך שטאַרקער פון אַלע מענער פון די פּלשתים.



שמשון און דלילה

און שמשון האָט אַ שטילען שמייכעל געטון און ער האָט זיך גענומען באַרימען:

— אַז איך זאָל וועלען, קען איך נעמען אָט דעם פייגענבוים וואָס שטייט שוין דאָ וועד ווייסט וויפיל הונדערטער יאָרען, און אים אַרויסרייסען און אַוועקטראָגען צו אונזער געצעלט און אַוועקשטעלען פאַר אונזער טיר... אַז איך זאָל וועלען, קען איך צערייסען אַלע לייבען פונ׳ם וואַלד און צעשמעטערען די קעפּ בײַ אַלע טיגערען. דעם גאַנצען וואַלד קען איך אַרויסרייסען מיט די וואָרצלען. זאָג מיר נאָר וואָס דו ווילסט, וועל איך טון...

— איך ווייס, שמשון, אַז דו ביזט דער שטאַרקסטער מאַן פון גאַנץ ישראל און פון אַלע לענדער אַרום. און איצט זאָג מיר וואו ליגט דיין קראַפט, זיי אַ גוטער און אַ געטרייער, מאַך דיין דלילה׳ן ניט צו שאַנד.

— איך ווייס ניט, דלילה, איך ווייס נאָר אַז מיינע הענט קענען אויסרייסען בערג און מיינע אָרעמס קענען צעברעכען פעלזענשטיינער. אַז סע מאַכט זיך אַ געפאַר, דערפיל איך ווי איך וואָלט געוואָרען אַ נייער מענש, ווי עמיצער וואָלט אין מיר אַריינגעגאָסען איבער-מענשליכע קראַפט.

— יאָ, שמשון, איך האָב געזען ווי דו האָסט צעריסען די זיבענמאָל געפלאָכטענע שטריק, ווי דו האָסט אויסגעריסען די פלעקער פונ׳ם געצעלט. שמשון מיינער, גבור מיינער, דו ביזט דאָך דער וואונדערליכסטער מאַן אין ישראל און אין פלשתים-לאַנד...

אַזוי האָט גערעדט דלילה און זי האָט זיך געלאַסטשעט צו שמשונ׳ען און געצערטעלט אים. פלוצלינג האָט זיך שמשון אויפ-געכאַפּט מיט פריידיגע אויגען און האָט גענומען טאַנצען און דרייען זיך אַרום דלילה׳ן און זיינע האָר האָבען זיך דערביי צעוואָרפען איבער די אַקסלען און האָבען דערגרייכט ביז אַריבער דעם גאַרטעל זיינעם. און ער האָט מיט אַ גליקליכער שטים געשריען:

— איך ווייס, דלילה, איך האָב ערשט איצט פאַרשטאַנען וואו מיין קראַפט ליגט באַהאַלטען. דו ווערסט שוין מער ניט זיין צו קיין שאַנד, דלילה מיינע, די פלשתים וועלען פון דיר ניט לאַכען, וואָרים איצט ווייס איך שוין...

און אַ וואָרף טוענדיג זיינע האָר אַזוי אַז זיי זענען געפאַלען אויף זיין ברוסט ווי אַ שוואַרצע כוואַליע, האָט ער געוויזען:

— אָט, דאָ איז מיין קראַפט.

ביי דלילה'ן האָבען זיך די אויגען אָנגעצונדען, זי האָט אַזש אויפגעציטערט, אין די אויערען האָט איר שוין גענומען קלינגען דער זילבערנער קלאַנג פונ'ם זילבער, וואָס די פלשתים וועלען איר אָפּציילען פאַר אויסזאָגען דעם סוד פון שמשונ'ס גבורה.

אָבער צו שמשונ'ען האָט זי גערעדט שטיל און זי האָט זיך געמאַכט ווי זי גלייבט אים גאָרניט. זי האָט גאָר אָנגעהויבען צו וויינען, איינגורענדיג דעם קאָפּ אין די הענט. שמשון האָט אויפגעהערט צו טאַנצען און ער איז געבליבען שטיין אַ דערשראָקענער ווי אַ קינד, מיט אַן אָפען מויל און ברייט געעפענטע אויגען.

— וואָס וויינסטו, דלילה? איך האָב דאָך דיר שוין איצט געזאָגט דעם אמת...

— ניין, — האָט דלילה ווייטער געכליפּעט, — דו האָסט מיר איצט אויך דעם אמת ניט געזאָגט, איך דערקען אַז ניט. וואָרום ווי קומען האָר צו גבורה? דו לאַכסט פון מיר, שמשון...

שמשון האָט דלילה'ן געטרייסט, אויסגעווישט איר די טרערען מיט זיינע קרויזען און אַז זי האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט אַ שמייכעל געטון, איז ער געווען דער גליקליכסטער אין דער וועלט. זי האָט אים אַריינגעפירט אין געצעלט און האָט אים געלייגט שלאָפען אויף דער טיפהאָריגער לייבענפעל.

— דו ביסט מיד, שמשון, — האָט זי צו אים גערעדט, — רו זיך אָפּ, שלאָף זיך אויס און מאָרגען וועלען מיר ווידער רעדען.

און אַז שמשונ'ס אויגען האָבען זיך צוגעשלאָסען און אַז זיין כראָפּען האָט אָנגעפילט אַלע ווינקעלעך פונ'ם געצעלט, האָט זיך דלילה שטיל ווי אַ קאַץ אַרויסגעשאַרט און איז אַוועקגעלאָפען צו די פלשתי'שע האַרען. איידער זי האָט נאָך אפילו איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט זי שוין אויסגעשריען:

— דאָס זילבער! נעמט מיט די זעק מיט זילבער און קומט מיט מיר, איך ווייס שוין.

און די פלשתי'שע האָרען האָבען אָנגעלייגט זעק מיט זילבער און זענען נאָכגעגאַנגען דלילה'ן צו שמשון'ען אין געצעלט אַריין. און שמשון איז דאָרט געשמאַק געשלאָפען און האָט ניט געהערט ווי דלילה האָט זיך פאַרגנב'עט צו זיין בעט. און אַ שער האָט דלילה געהאַט, שאַרף און גלאַנציג, און זי האָט אַריינגענומען אַלע זיינע זיבען צעפּ אין אירע ציטערדיגע הענט און מיט איינמאָל האָט זי זיי אָפּגעשאָרען. די פּעך שוואַרצע האָר זענען שוין געלעגען באַ אירע פיס. און אַז זי האָט דאָס דערזען, האָט זי זיך צעלאַכט:

כאַ-כאַ-כאַ! פלשתים קומען אויף דיר!...

און שמשון האָט זיך אויפגעכאַפּט. זיין אָפּגעשאָרענער קאָפּ האָט אויסגעקוקט ווי אַ לייב וועמען מען האָט אָפּגעשאָרען זיין גריווע. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסען פון געצעלט, אָבער די פלשתים האָבען אים פאַרשטעלט דעם וועג. זיי האָבען אים געשמידט אין קייטען און געפירט. זיי האָבען זיך נאָך ניט געגלייבט אַז שמשון האָט שוין טאַקע אינגאַנצען פאַרלאָרען זיין קראַפט און זיי האָבען זיך גערוקט אין דער זייט אריין אַז טאָמער וועט שמשון צעררייסען די קייטען, זאָלען זיי קענען אַנטלויפען. נאָר שמשון האָט געפילט ווי זיינע הענט זענען אים אָפּגעשוואַכט און אַז ער קען שוין מער ניט באַווייזען די וואונדערליכע גבורות וואָס אַמאָל, ווען ער האָט געהאַט זיינע צעפּ.

און דלילה איז אים נאָכגעגאַנגען און אַלע מאָל איז זי אַרויסגעלאָפען פאַר אים און מיט אַ ווילד געלעכטער אים געוויזען שטיקער זילבער, געקלונגען מיט זיי און מיט אויסגעשטעלטע אויערען זיך צוגעהערט צום קלאַנג. און געשריען האָט זי:

— נאַ, זעסט, פאַר דיר, פאַר דיינע זיבען פּעך שוואַרצע צעפּ, פאַר דיין באַהאַלטענער גבורה... כאַ-כאַ-כאַ, שמשון מיינער...

און שמשון איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און האָט אַפילו אויף דלילה'ן ניט געוואָלט קוקען. און אַז ער האָט איינמאָל יאָ אויפגעהויבען אויף איר די אויגען, האָט זי זיך דערשראָקען און איז אַנידערגעפאַלען באַ זיינע פיס. ער האָט זי אַוועקגעשטויסען מיט זיינע פיס און איז ווייטער געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און געשמידטע הענט.

און געבראַכט האָבען אים די פּלשתי'שע הארען אין דער שטאָט עזה און האָבען אים אַריינגעזעצט אין געפיינקעניש. זיי האָבען אים אויסגעשטאָכען די אויגען און איינגעשפּאַנט צו דרייען די מיל־שטיינער פון דער מיל אין געפיינקעניש. אויף באַנאַכט האָבען זיי אים געוואָרפען אין אַ פינסטערען גרוב, וואו סע איז געוועזען נאַס און פון די ווענט האָט געטריפט בלאָטע און גרינע פייכטקייט.

אינדערפרי זענען געקומען די געפיינקעניש אויפזעער, האָבען אַראָפּגעלאָזט אַ שטריק, אַרויסגעשלעפּט שמשון'ען פון'ם גרוב און אים איינגעשפּאַנט אין די מילשטיינער. די שווערסטע שטיינער פון'ם גאַנצען לאַנד האָבען זיי געבראַכט, כדי שמשון'ען אויסצו־מאַטערען און עסען האָבען זיי אים געגעבען נאָר ברויט מיט וואַסער. און אַז ער איז געבליבען שטיין אין מיטען און ווייטער ניט געקענט דרייען זיך אין צירקעל, האָבען די בייזע אויפזעער אים געקאַטעוועט מיט די בייטשען, וואָס אויף זייערע שפּיצען זענען געוועזען אַזעלכע עקדעשען געמאַכט פון בליי. און שמשון'ס לייב, וואָס אַמאָל איז עס געוועזען קלאָר און שיין, אַז אַלע האָבען זיך זאַט ניט געקענט אָנקוקען אויף דעם, איז איצט געוועזען פול מיט וואונדען, מיט בלויע פּאַסען פון די שניידענדיגע בייטשען. און זיינע הענט זענען געוועזען וואונדיג און זיין געזיכט, איז געוועזען פינסטער ווי דער גרוב וואו ער איז געזעסען.

אָבער שמשון האָט קיינמאָל קיין קרעכץ ניט אַרויסגעלאָזט און ער איז געוועזען גליקליך וואָס זיינע אויגען זענען אויסגעשטאָכען און ער קען ניט זען די שפּאָטישע געזיכטער פון די פלשתי'שע הארען און זייערע קנעכט. די בייטשען האָבען אים ניט אַזוי פיל וויי געטון ווי זייערע געלעכטערען און שפּעטערייען. אָבער זייערע שמייכלען האָט ער ניט געזען און אויך ניט זייערע אויגען פול מיט חוזק. האָט ער געשלעפּט די מילשטיינער און אין זיין האַרץ האָט געברענט דער פאַרלאַנג צו נעמען נקמה פון זיינע באַצווינגער די פלשתים.

# שמשון אין געפיינקעניש

איינמאָל איז געקומען אין געפיינקעניש דלילה און זי האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿון דער זייט און געקוקט ווי שמשון שלעפּט די מילשטיינער, ווי זיין וואונדיגע ברוסט שפּאַרט זיך אָן אָן דעם האָלץ און איר געזיכט איז געווען פֿאַרקרימט פֿון אַ שמייכעל. איר האַלז איז געווען באַהאַנגען מיט טייערע שווערע פּערל, גרויסע דימענטענע אוירינגלאַך האָבן זיך געבאַמבעלט אויף די אויערען און גאָלדענע בראַסלעטען האָבן אַרומגעכאַפּט אירע הענט און אירע פיס. דאָס אַלץ האָט זי געקויפט פאַר'ן זילבער וואָס זי האָט באַקומען פֿון די פּלשתי'שע הארען.

און זי איז צוגעגאַנגען צו שמשון'ען נאָענט און האָט אָנגערירט מיט איר האַנט זיין אַקסעל. האָט שמשון אַ שטומער זיך אָפּגעשטעלט און מיט די פינסטערע אויגען-לעכער האָט ער געקוקט אויף איר. אַ ציטער איז דורכגעלאָפען איבער דלילה'ס לייב. און זי האָט געזאָגט:

— שמשון, ווייסט ווער סע שטייט לעבען דיר?

— איך דערקען די שטים פון דער פאַלשער פּלשתי'שער פרוי, — האָט שמשון געזאָגט און האָט גענומען שלעפּען די מילשטיינער.

און דלילה האָט פאַרגראָבען איר געזיכט אין אירע הענט און פֿון איר האַלז האָט זיך אַרויסגעריסען אַ פאַרשטיקט געוויין. שמשון האָט שטאַרקער גענומען שלעפּען די מילשטיינער און ער האָט זיך פלוצלינג צעלאַכט מיט אַזאַ געלעכטער אַז די פאַרשטיקטע לופט פֿונ'ם געפיינקעניש האָט אַזש אָנגעהויבען צו ציטערען. און דלילה האָט געציטערט און איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט טויזענט האַמערען. פּלוצלינג האָט זי אַרויסגעכאַפּט די בייטש באַם אויפזעער און מיט אַ שוים פֿון צאָרען אויף אירע ליפּען איז זי צוגעלאָפען צו שמשון'ען און האָט אים גענומען קאַטעווען איבער

די הוילע וואונדען. און זי האָט געלאַכט דערביי און אירע אויגען זענען אומגעלאָפּען ווי באַ אַ קראַנקער פאַרוואונדעטער חיה און איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט.

כאַ-כאַ-כאַ! נאַ, שמשון, אַ גבור ביסטו געווען, בערג האָסטו אויסגעריסען, לייבען צעשפּאָלטען. קנעכט, שלעפּ די מילשטיינער...

אַזוי האָט זי געשריען ווען איר בייטש איז געפאַלען אויף שמשונ׳ס לייב. און זי איז פּלוצלינג אַנידערגעפאַלען לעבען שמשונ׳ען און ער האָט זי אַוועקגעשליידערט מיט זיינע פיס און איז ווייטער שטומערהייט געגאַנגען אין אויסגעטראָטענעם צירקעל.

און אַמאָל האָט זיין מוטער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּלשתי׳שער בעטלערין און איז צוגעקומען צו די טויערען פונ׳ם געפיינקעניש וואו איר זון איז געווען פאַרשפּאַרט און אָנשפּאַרענדיג זיך אויף איר שטעקען, האָט זי געזאָגט צו די טויערען וועכטער:

— לאָזט מיך אַריין אין געפיינקעניש, איך וויל אָנשפּייען אין געזיכט שמשונ׳ען. ער האָט אין אַ שלאַכט מיין מאַן געטויט...

און די וועכטער האָבען פאַר איר אויפגעעפענט די טויערען און זי אַריינגעלאָזט. און ווען זי האָט דערזען איר שמשונ׳ען מיט די אויסגעשטאָכענע אויגען, אַן אָפּגעשאָרענעם, ווי ער שפּאַנט אין צירקעל, דרייענדיג די שווערע מילשטיינער, איז זי אומגעפאַלען מיט אַ געשריי. שמשון האָט איר שטים דערקענט, אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, וואָרים ער האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז אַריינגע-קומען אַהער, ווייל זי האָט געזאָגט אַז זי איז אַ פּלשתי׳שע פרוי און אַז די אַלטע מוטער האָט זיך צוריק אויפגעשטעלט אויף די פיס, איז זי צוגעקומען צו שמשונ׳ען און האָט אים אָנגעשפּיגען אין גע-זיכט אַריין.

— דו האָסט מיין מאַן געטויט מיט דיין טייוועלשער גבורה, — נאַ, דו גבור, דו קנעכט וואָס דו ביסט...

שמשון האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אויפגעהויבען די הענט מיט די שווערע קייטען אויף זיי און האָט שטיל געפרעגט:

— מוטער מיינע, ווי לעבט דאָס פאָלק ישראל? זענען די אידען פריי פון די פּלשתים, אָדער זיי זיינען אונטערדריקט?

— די פלשתים טוען אָן דעם פאָלק ישראל אַ סך צרות. זיי פאַרנעמען די שטעט און די דערפער, זיי לייגען אַרויף שווערע שטייערן און די ברויטען פון די פעלדער און די פרוכטען פון די גערטנער נעמען זיי צו. דאָס פאָלק קרעכצט אונטער'ן פלשתי'שען יאָך...

און פון שמשונ'ס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסען אַ קרעכץ אַז די ווענט פונ'ם געפיינקעניש האָבען אַ ציטער געטון. ער האָט ווייטער שטומערהייט גענומען שפאַנען אין שפאַן, וואָרים ער האָט דערהערט ווי די בייטש פונ'ם באַצווינגער האָט אַ פייף געטון אין לופטען. די מאַמע זיינע האָט זיך ווידער איינגעבויגען, גענומען איר בעטלער טאָרבע אויף די הענט און אָנשפאַרענדיג זיך אויפ'ן שטעקען, איז זי אַרויסגעגאַנגען פון די טויערן פונ'ם געפיינקעניש.

# שמשון נעמט נקמה פון די פלשתים

מיט דער צייט האָט ביי שמשונ'ען ווידער אָנגעפאַנגען צו וואַקסען האָר און ער האָט געפילט אַז זיין קראַפט קערט זיך צו אים ווידער אום.

און וואָס גרעסער זיינע האָר זיינען געוואָרען, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען זיין האָפענונג אַז זיין אַמאָליגע קראַפט וועט זיך נאָך צו אים אומקערען. ער וועט נאָך ווערען צוריק דער אַמאָליגער שמשון און ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט די פלשתים. פאַר זיך און פאַר'ן פאָלק ישראל וועט ער זיך אָפּרעכענען און זיי וועלען מער ניט אונטערדריקען די אידען.

סע איז געווען אַ יום-טוב טאָג ביי די פלשתים. די האַרען זייערע האָבען געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט אינ'ם טעמפּעל פונ'ם גאָט דגון. זיי האָבען געקויילעט יונגע שעפּסעלאַך פאַר אים, געגאָסען וויין און געבראַכט פייעראָפּפערען. דריי טויזענט פלשתים זענען געווען אינ'ם טעמפּעל. אַלע האָבען געטרונקען און געגעסען און געפרייט יך מיט'ן גרויסען פייער טאָג, מיט'ן יום טוב פונ'ם גאָט דגון. און דער טעמפּעל דגון איז געווען פול מיט גאָלד און זילבער, דימענטען און בריליאַנטען. אַלערליי דימענטען זענען דאָרטען געווען: רויטע ווי די זון ווען זי פאַרגייט אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט; פּורפּערנע, ווי די וואָלקענס אַרום דער פאַרגייענדיגער זון; שוואַרצע ווי די נאַכט אין סוף חודש; גרינע ווי די ווייטע לאַנקעס פון ישראל אין פרילינגס צייט און געלע, ווי די געלע קאָרען בלימעלאַך. און דימענטען פון אַלערליי קאָלירען מיט אַמאָל זענען אויך געווען אינ'ם טעמפּעל פונ'ם גאָט דגון.

און אַז אַלע האַרען זענען שוין געווען גוט אָנגעטרונקען מיט'ן וויין, האָבען זיי זיך דערמאָנט אָן שמשונ'ען. און זיי האָבען אַזוי געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— דער גאָט דגון האָט איבערגעענטפערט שמשונ'ען אין אונזערע הענט. איצט, אַז סע איז זיין יום טוב, וועלען מיר ברייגנען דעם בלינדען אידישען גבור אויף דער שמחה און זיך לוסטיג מאַכען איבער אים. אונזער גאָט וועט זייער צופרידען זיין פון דעם...



שמשון נעמט נקמה פון די פלשתים

און זיי האָבען געשיקט ברייננגען שמשון'ען פון געפיינקעניש. און זיי האָבען אים אַוועקגעשטעלט פאַר זייער גאָט דגון און יעדער איינער פון די דריי טויזענט שכור'ע האַרען איז צוגעקומען צו איהם און האָט איהם אַ ריס געטון און אַ צופּ געטון. אייניגע האָבען איהם געשטאָכען מיט נאָדלען; אַנדערע האָבען אָנגעגליט אייזענס און האָבען זיי צוגעלייגט צו זיין קערפּער. און געלאַכט האָבען זיי און געטאַנצט אַרום איהם. שמשון האָט קיין איין קרעכץ ניט אַרויסגעלאָזט. ער האָט אַיינגעביסען זיינע ציין אין די ליפּען אַז בלוט האָט אַזש געטריפט פון זיי. און אַז די פלשתים האָבען דערזען דאָס בלוט, האָבען זיי עס גענומען לעקען מיט זייערע צונגען ווי די דאָרשטיגע חיות אין דער מדבר.

אַז די האַרען זענען מיד געוואָרען צו שפּעטען איבער שמשון'ען, האָבען זיי איהם איבערגעלאָזט מיט'ן וועכטער און זענען געגאַנגען טאַנצען און הוליען. דער טעמפּעל האָט געהאַט אַ באַלקאָן און ער איז געווען אונטערגעשפּאַרט מיט זיילען. צווישען די זיילען האָבען זיי געלאָזט שמשון'ען.

— לאָז מיך אָפּ, — האָט שמשון געזאָגט צום וועכטער, — איך וועל מיך אַליין אָנשפּאַרען אָן די זיילען.

און אַז דער וועכטער האָט איהם אָפּגעלאָזט, האָט שמשון אָנגענומען צוויי זיילען מיט זיינע הענט און ער האָט פלוצלינג דערפילט ווי זיין קראַפט האָט זיך צו איהם אומגעקערט, פון זיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסען אַ געשריי:

— איך וויל שטאַרבען אינאיינעם מיט די פלשתים!...

און אַז די פלשתים האָבען דערהערט דאָס געשריי, זענען זייערע הערצער אָפּגעשטאָרבען אין זיי, וואָרום זיי האָבען דערקענט דעם אַמאָליגען שמשון'ען. זיי האָבען זיך געלאָזט צו שמשון'ען, אָבער איידער זיי זענען צוגעקומען, האָט שוין שמשון אַ שטויס געטון די זיילען און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו וואַקלען. באַלד האָבען זיי זיך איבערגעבראָכען און זענען געפאַלען, דער גאַנצער טעמפּעל, וואָס האָט זיך אויף זיי געהאַלטען, איז אויך אומגעפאַלען און באַגראָבען אונטער זיך די פלשתי'שע האַרען.

און שמשון אַליין איז אויך געטייט געוואָרען.

# דאָס דערפעל דגניה

צווישען די בערג אינ'ם לאַנד גליל, וואָס געפינט זיך אין ארץ ישראל, איז געווען אַ קליין דערפעל. אינגאַנצען עטליכע שטיינערנע הייזלאַך, וואָס זענען געווען צעוואָרפען און ווייט איינס פון ס'אַנדערע. דאָס דערפעל איז געווען אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, וואָרים קיין גלייכער וועג האָט אַהין ניט געפירט, נאָר קרומע וועגלאַך צווישען די בערג און אַז אַ פרעמדער זאָל שוין אַפילו יאָ געוועןוועלען קומען אין דעם דאָזיגען דערפעל, וואָלט ער אַהין ניט גע-טראָפען. ער וואָלט זיך אַזוי לאַנג געדרייט אויף די קרומע וועגלאַך, ביז ער וואָלט זיך געווען פאַרבלאָנדזשעט און ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט. דאָס דערפעל האָט געהייסען דגניה, דערפאַר וואָס אין די טאָלען אַרום דעם האָט געוואַקסען פעטער און רויטער קאָרען און פון אים האָבען זיך געשפּייזט די מענשען און אויך די בהמות. פלאַקס האָט אויך דאָרט געוואַקסען, האָבען די טעכטער פון דגניה אים געוויקעט אין די קליינע טייכלאַך, דערנאָך אים אויסגעקלאָפּט, געשפּונען אויף די שפּינראָדען פאָדים, אויסגעוועבט לייווענט אויף קליידער פאַר די איינוואוינער פון דגניה. און פון די שאָף איז געווען ווייסע און שוואַרצע און רויטע וואָל האָט מען אויסגעוועבט די שענסטע פאַרביגע קליידער, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן אַלע שבת און יום-טוב.

נאָר איין מאָל אין יאָר זענען די מענשען פון דגניה, מיט זייערע ווייבער און מיט זייערע קינדער, מיט זייערע אַלטע לייט און מיט זייערע יונגע לייט געגאַנגען אין דער קרוינשטאָט ירושלים צו פרייען זיך אינאיינעם מיט אַלע אידען פונ'ם גאַנצען לאַנד מיט'ן יום-טוב פון שנים. דאָס איז געווען די פריילאַכסטע צייט פונ'ם יאָר פאַר די מענשען פון דגניה, ווי פאַר די אידען פון גאַנץ ארץ ישראל. יעדער איד האָט גענומען די ברויטען פון זיין פעלד, די פרוכטען פון זיינע ביימער, אריינגעלייגט אין קאָרבען און מיט אַ פריידיג

האַרץ איז ער געגאַנגען דעם ווייטען וועג קיין ירושלים. קיינער האָט ניט געוואוסט פון קיין מידיגקייט, קיינעם איז דער וועג ניט געווען צו שווער, וואָרים די פרייד פונ׳ם יום-טוב אין ירושלים האָט אָנגעפילט יעדענס האַרץ מיט מונטערקייט. כאָטש די אידען פון דגניה זענען געווען אָפגעריסען פון די אידען פונ׳ם גאַנצען לאַנד, האָבען זיי אָבער דאָס גאַנצע יאָר געשפייזט זייערע הערצער מיט די עראינערונגען פונ׳ם פאַרגאַנגענעם יום-טוב פון שניט אין ירושלים און מיט די דערוואַרטונגען אויפ׳ן קומענדיגען יום-טוב. זיי האָבען אַ גאַנץ יאָר איבערגערעדט וועגען דעם קאַרניוואַל אויפ׳ן הר-הזתים, וועגען די טענץ און געזאַנגען, וואָס האָבען אָנגעפילט די גאַסען פון ירושלים, וועגען די יונגע לווים, אין די ווייסע זיידענע העמדער, וואָס האָבען פון זייערע פידלען, קלאַרנעטען, פייקלאַך און אַנדערע

. . . מיט זייערע ווייבער און מיט זייערע קינדער, מיט זייערע אַלטע לייט און מיט זייערע יונגע לייט זענען זיי געגאַנגען אין דער קרוינשטאָט ירושלים צו פרייען זיך אינאיינעם מיט אַלע אידען מיט׳ן יום-טוב פונ׳ם שניט.

כלים, אַרויסגעבראַכט וואונדערבאַרע מעלאָדיען. און וועגען בית המקדש האָבען די איינוואוינער פונ׳ם דערפעל דגניה גערעדט, וועגען דעם גאָלד און זילבער, וועגען די דימענטען, בריליאַנטען און די טייערע איידעלשטיינער, וואָס האָבען מיט זייער שיין אין טויזענטער

קאָלירען געבלענדט די אויגען און דערפרייט דאָס הארץ. וועגען די טייערע ווייִרוכען און שמעקעדיגע גראָזען, וואָס באַרוישען און פאַר־שיכור'ען.

און איצט איז שוין דריי יאָר זינט ירושלים איז באַלאַגערט און די איינציגע פרייד איז צוגענומען געוואָרען ביי די אידען פונ'ם דערפעל דגניה. שוין דריי שבועות'ען קענען זיי ניט אַריינקומען אין דער קרוינשטאָט ירושלים, וואָרים דער שונא, די רוימער, האָבען פאַרנומען אַלע וועגען אַהין, האָבען באַ די טויערען אַוועקגעשטעלט זייערע חילות און לאָזען ניט אַרויס פון דאָרטען קיינעם און ניט אַריין קיינעם אַהין. מיט גרויס בייִנקעניש דערמאָנען זיך די אידען פון דגניה אָן יענע טעג, ווען פון אַלע וועגען האָבען זיך, ווי שטילע וואַסערען, געצויגען מחנות אידען קיין ירושלים אויפ'ן יום-טוב פון שניט.

פאַראומערט גייען זיי אַרום, ס'גייט זיי ניט איין דער שפּריי־רעגען, וואָס קומט אין לאַנד און ברייִנגט ברכה אין די פעלדער; זיי פרייען זיך נישט מיט די יונגע זאַנגען, וואָס הייבען זיך אָן צו גאָלדיגען אויף דער זון, — זייער גליק איז זיי פאַרשטערט. אַמאָל נאָר נעמען זיי אָפּ גרוסען פון די אַנטרונענע פון ירושלים און זייערע הערצער ווערען אָנגעפילט מיט שטאָלץ, וואָרים זיי הערען ווי די איינוואוינער פון דער קרוינשטאָט זענען מוטיג ווי די יונגע לייבען און גיבען זיך ניט איבער דעם שונא אין די הענט.

# יהודה

געווען איז צווישען די איינוואוינער פון דגניה אַ פשוט׳ער, באַשיידענער איד. גערופען האָט מען אים יהודה און ווייל ער איז געווען זייער אַ שטילער מענש, האָט מען אים דערפאַר גערופען „יהודה דער שטילער". ווייט פונ׳ם דערפעל, צווישען צוויי בערג, האָט דער איד יהודה געהאַט זיין פעלד. אַלע פאַרטאָג, איידער די זון איז נאָך אויפגעגאַנגען, האָט ער פאַרלאָזט זיין הויז און איז געגאַנגען אויף זיין פעלד, אַמאָל צו אַקערען, אַמאָל צו זייען און אַמאָל צו שניידען. און אַז די זון האָט אַריינגעקוקט אין דעם טאָל, האָט זי אים שוין געפונען ביי דער אַרבעט און אַז זי איז פאַרגאַנגען, האָט זי אים נאָך געלאָזט אין פעלד.

ווען די וועגען קיין ירושלים זענען נאָך געווען אָפען, איז יהודה מיט אַלע אידען פון דגניה, געגאַנגען אויף אַלע שבועות אַהין צו פרייען זיך מיט׳ן גרויסען יום-טוב. דאָרטען איז ער גאָר געוואָרען אַן אַנדער מענש. דאָס געזאַנג פון דער שטאָט האָט אָנגעפילט זיין האַרץ און אים פאַר׳שיכור׳ט. זיינע שוואַרצע אויגען האָבען גע-ברענט ווי צוויי שוואַרצע פייערען; זיינע פיס זענען געוואָרען לייכט-ער פון ווינט און ער האָט געטאַנצט מיט אַזאַ ברען ווי קיינער ניט פון זיינע דאָרפסמענשען. מ׳האָט געזען אַז די ברעגעס פון דעם אידענס האַרץ ווערען פאַרפלייצט מיט דער שטורימדיגער פרייד.

דער איד יהודה, דער שטילער איינוואוינער פונ׳ם דערפעל דגניה, האָט אויפגעשטורמט די קרוינשטאָט ירושלים מיט זיין פרייליכקייט. די יונגע טעכטער פונ׳ם גאַנצען לאַנד האָבען אים געשאָנקען זייערע שמייכלען און האָבען אים צוגעפליעסקעט מיט זייערע הענט, און צוגעפויקט מיט זייערע פויקען, ווען ער האָט אַרומגעשוועבט אויף די גאַסען פון ירושלים. פון די טייערסטע ווײַנען האָט מען אים אָנגעטרונקען, די איידעלסטע בשמים האָט מען אים געשאָנקען, אָט דעם פאַרהאָרעוועטען ערד-אַרבייטער.

נאָר זינט די וועגען קיין ירושלים זענען פאַרשטעלט געוואָרען פונ'ם שונא, איז דעם אידען ניט געווען צו דערקענען. אַ שווערער וואָלקען האָט זיך געלייגט אויף זיין פּנים, דעם קאָפּ האָט ער שטענדיג געהאַלטען געבויגען, גלייך ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אים גע־לייגט אויפ'ן קאַרק. און אַז ס'איז געקומען דער זומער, שניט צייט, האָט ער אָראָפּגענומען די ערשטע ברויטען, די ערשטע פּרוכטען און האָט באַהאַלטען אין שפּייכלער. אַז ירושלים וועט אויסגעלייזט ווערען, אַז דער פיינט וועט פאַרטריבען ווערען פון אירע מויערען, וועט ער אָפּצאָלען פאַר אַלע יאָרען.

און אַז איינמאָל האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין דגניה שמואל דער שטיינהאַקער, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון ירושלים, האָט אים יהודה אַריינגענומען צו זיך און איז גאָר קיינמאָל נישט מיד געוואָרען צו הערען וועגען די העלדישקייטען פון די ירושלים'ער אידען.

— זיי שטייען אויפ'ן מויער, — האָט שמואל דערציילט, — און זיי וואַרפען פייער אין דעם שונא'ס לאַגער. ווי די צערייצטע לעמ־פּערטען וואַרפען זיי זיך אויפ'ן פיינטס חיילות; זיי טוען ניט אויס זייערע קליידער ניט באַטאָג און ניט באַנאַכט; זייערע בויגענס זענען אַלע מאָל אָנגעצויגען; זייערע אויגען ווייסען ניט פון קיין שלאָף און זייערע הענט ווייסען ניט פון קיין מידיגקייט.

און יהודה האָט צוגעהערט צו די ווערטער פון שמואל דעם שטיינהאַקער און אין זיין האַרצען האָט געברענט די קנאה, פאַר־וואָס ער איז ניט אין דער קרוינשטאָט. דער בויגען וואָלט זיך צוגעקלעפּט צו זיין האַנט, די פיילען וואָלט ער געשאַרפט אויף קיזעלשטיין און די הערצער פונ'ם פיינטס חיילות וואָלט ער דורכ־געלעכערט מיט זיי. ווי קען ער זיין דאָ, אַז ירושלים איז אַרומגע־רינגעלט פונ'ם בייזען רוימישען פיינט? ווי קען אים דאָ איינגיין דאָס לעבען, אַז די מויערען פון ירושלים ווערען דורכגעלעכערט פונ'ם שונא'ס העק און די גאַסען פון דער קרוינשטאָט זענען פול מיט טויטע און דער הונגער איז דאָרט גרויס?

— אָך, ווי עלענד ס'איז איצט ירושלים, די שטאָט וואָס האָט אַזוי פיל מענשען, — האָט שמואל דער שטיינהאַקער וויטער גע־רעדט, — די מאַרקען זענען ליידיג, קיינער קומט ניט קויפען און

קיינער פאַרקויפט ניט. די גאַסען וואָס אויף זיי פלעגען אומשפּאַצירען די שענסטע טעכטער פון יהודה אין זייערע זיידענע קליידער, באַצירט מיט גאָלד און איידעלשטיינער,— די גאַסען פון ירושלים זענען פול מיט אָפּגעריסענע בעטלער, וואָס זוכען אין מיסט עסען פאַר זיך. ר׳ שמעון בן גיורא׳ס טאָכטער, אָט דאָס שטאָלצע מיידעל, וואָס איר שיינקייט האָט פאַרבלענדט די אויגען פון פרינצען און מלכים, זי גייט איצט אַרום אויף די גאַסען און קלייבט ברעקלאַך. דער פּאַלאַץ, וואָס אַז אַפילו אַ הונט איז אין אים אַריינגעקומען אַ הונגעריגער, איז ער אַרויסגעגאַנגען אַ זאַטער, איז יעצט צעבראָכען פון דעם שונא׳ס שאַרפע שטיינער און פייער־צונגען וואָס ער וואַרפט.

יהודה האָט געשוויגען, אָבער זיין האַרץ איז אין אים צעריסען געוואָרען אויף שטיקער. ירושלים, זיין קרוינשטאָט איז אַזוי געפאַלען. איין טרייסט איז נאָר דאָ וואָס די אידען גיבען זיך ניט אונטער. דער פיינט וועט מיד ווערען, ער וועט פאַרלאָזען די מויערען און די שטאָט ירושלים וועט צוריק אויפגעריכט ווערען, זי וועט צוריק ווערען די שטאָט פון אַלע שטעט, די שענסטע שטאָט אויף דער וועלט.

# טרויער און טרייסט

ס'איז געווען ניין טעג אין חודש אָב אויפ'ן דריטען יאָר פון ירושלים'ס באַלאַגערונג. יהודה איז ווי שטענדיג געווען אין פעלד און האָט געאַקערט זיין ערד. ער איז שטיל נאָכגעגאַנגען דעם אָקער, וואָס דער איינציגער אָקס זיינער האָט געשלעפּט און זיינע מחשבות זענען געווען אין ירושלים און זיין האַרץ איז אויך דאָרט געווען. ער האָט אין האַרצען געהאָפט אַז איבעראָיאָר, ווען דאָס נייע ברויט, וואָס ער וועט איצט פאַרזייען, וועט צייטיג ווערען, וועט ער שוין ווידער קענען קומען אין ירושלים אויף שבועות.

. . . פלוצלינג האָט זיך אַ פינסטערניש אָנגערוקט אויף די בערג. פון די שפּיצען אָן האָט זיך די פינסטערניש גערוקט און איז געקומען אין טאָל וואו יהודה האָט געאַקערט.

פלוצלינג האָט זיך אַ פינסטערניש אָנגערוקט אויף די בערג. פון די שפּיצען אָן האָט זיך דאָס פינסטערניש גערוקט און איז גע-קומען אין טאָל וואו יהודה האָט געאַקערט. דערנאָך האָט אָנגע-

הויבען צו דונערען, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז ס'האָט זיך אויסגע־דאַכט אַז גאַנצע וועלטען ווערען צעבראָכען. די בערג האָבען גע־ציטערט ביז אין זייערע גרונטען. דער איד יהודה איז וויטער געגאַנגען באַם אַקער און האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס עס האָט באַטייט דער שווערער שטורעם אין די בערג. אָבער זיין אָקס האָט זיך אינמיטען אָפּגעשטעלט און האָט אַרויסגעלאָזט אַזאַ טרויעריגען מו אַז דאָס האַרץ האָט געקענט צעריסען ווערען. האָט יהודה ווייטער אים געטריבען און האָט געמיינט אַז ער האָט זיך דערשראָקען פאַר'ן שטורם. אָבער דער אָקס האָט ווייטער ניט געוואָלט גיין, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט די פיס אָן אַקער און האָט זיך ניט געוואָלט רירען פון'ם אָרט. די אויגען האָבען אים אַרויסגעזעצט פון די לעכער, די פעל האָט אויף אים געציטערט. און די דונערען האָבען אַליין ניט אויפגעהערט. די בערג האָבען איצט געשפּיגען מיט פייער. די הימלען זענען געלעגען אויף זיי מיט זייערע וואָלקענס.

פאַרלוירען איז ער געשטאַנען און האָט ניט געוואוסט וואָס סע טוט זיך דאָ אַרום אים. איז געקומען פון ערגעץ אַן אַראַבער און האָט געזאָגט צו אים:

— שפּאַן אויס דיין אָקס פון'ם אַקער, איד, וואָרים דיין שטאָט ירושלים איז פאַרוויסט געוואָרען, דער פיינט האָט זיך אַריינגעריסען אין די טויערען פון דער שטאָט און האָט פאַרברענט דעם בית־המקדש און די כהנים און די לויים האָט ער געטייט.

אַז יהודה האָט דאָס דערהערט, איז ער געבליבען שטיין ווי אָן אַ קאָפּ. ער האָט נאָר שטיל, קוים וואָס דער אַראַבער האָט געהערט, געפרעגט:

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַזוי? דו ביזט דאָך ווייט פון ירושלים און אפילו דעם קעניגס בעסט פערד וואָלט ניט געקענט איינלויפען אַזאַ ווייטען וועג אין איין האַלבען טאָג.

— איך האָב די פינסטערע נייעס געהערט אינ'ם מרוקען פון דיין אָקס, ער האָט די טרויעריגע בשורה געבראַכט.

האָט דער איד יהודה אויסגעשפּאַנט דעם אָקס פון'ם אַקעראייזען; ער האָט צעריסען אויף זיך זיינע קליידער, האָט אַ זאַק אויף זיין

לייב אָנגעטאָן און האָט אָנגעשאָטען אַש אויף זיין קאָפּ און ער האָט געוויינט און געקלאָגט אויפ'ן גרויסען אומגליק וואָס האָט געטראָפען דעם אידישען פאָלק. ווען ער וואָלט קענען, וואָלט ער אינאיינעם מיט די אידען פון ירושלים געגאַנגען אין געפיינקעניש צו די רוימער. זיין לייב וואָלט ער אויף שטיקער צעריסען, דאָס בלוט פון זיין האַרץ וואָלט ער געלאָזט רינען אויפ'ן גאַנצען וועג פון ירושלים ביז רוים.

— די קרוין פונ'ם פאָלק ישראל איז צוגענומען געוואָרען. ירושלים איז געפאַלען אין די הענט פונ'ם פיינט און די קרוינשטאָט איז פונ'ם שונא פאַרוויסט געוואָרען. דאָס בית-המקדש איז פאַר-אומריייניגט געוואָרען פון די שכורים פון רוים. טוט אָן זעק אויף אייערע לייבער און וויינט אַלע, וואָרים איר זענט איצט געוואָרען קנעכט; דער פיינט וועט אייך דערנידעריגען און שפּעטען פון אייך. ווי איז מיר, ווי איז אונז.

אזוי האָט געקלאָגט דער איד יהודה, דער איינוואוינער פונ'ם דערפעל דגניה. זיינע אויגען זענען פאַרלאָפען מיט טרערען און פון זיין האַרץ האָט געטריפט בלוט. די גאַנצע וועלט איז פאַר אים פינסטער געוואָרען און די זון האָט אויפגעהערט צו שיינען איבער זיין קאָפּ.

דערווייל האָט אויפגעהערט צו דונערען, דאָס פינסטערניש פון די בערג איז זיך צעשוואומען און די זון האָט אַ לויטערע אַרומ-געקוקט, די גראָזען זענען אָפּגעפרישט געוואָרען, ס'האָט געשמעקט מיט אַלערליי געווירציגע ריחות. האָט יהודה ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי די זון שיינט אזוי ליכטיג ווען ירושלים, די שטאָט פון אַלע שטעט איז פאַרוויסט געוואָרען. און אינמיטען האָט זיך ווידער צעטראָגען דעם אָקס' אַ מו. ס'האָט זיך געהערט אין דעם מו אַזאַ באַהאַלטענע פרייד אַז דער איד איז ווייטער צעמישט געוואָרען. וואָס זאָל עס באַטייטען, וואָס די זון האָט אַזוי אויפגעשיינט, וואָס די גראָזען שמייכלען אַזוי און וואָס פון אַלע זייטען קומען אַזעלכע געווירציגע ריחות? און פאַרוואָס פרייט זיך אַזוי זיין אָקס? ער איז דאָך ניט מער ווי אַן ערד-אַרבייטער אין אַ פאַרוואָרפען ווינקעל אין גליל, וואָס קיין גלייכער וועג פירט ניט אַהין און די וועגעלאָך זענען אַזעלכע קרומע, — וואָס זשע קען ער וויסען? ער ווייסט נאָר אַז

פריער האָט ער געוואָלט אין ווייטאָג פאַרגיין, אַז פריער זענען אַלע בערג געלעגען אויף זיין האַרין און איצט איז אים געוואָרען אַזוי לייכט און אַזוי פריידיג.

דער אַראַבער איז ווידער צוגעקומען און געזאָגט צו אים:

— איך שפּאַן איין דיין אָקס אינ'ם אַקעראייזען, וואָרים אייער־משיח איז איצט געבאָרען געוואָרען. דער דערלייזער פון דיין פאָלק איז געקומען אויף דער וועלט. באַאַרבעט ווייטער דיין ערד ווי דו האָסט געטון נעכטען און אייערנעכטען, וואָרים אייער גליק האָט אויפגעשיינט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס! — האָט יהודה געפרעגט.

— דיין אָקס האָט די ליכטיגע בשורה געבראַכט. כ'האָב זי געהערט אין זיין פריידיגען מו. ניט ווייט פון בית לחם איז דאָ אַ דאָרף בירת ערבא. דאָרטען וואוינט זייער אַן אָרימע משפחה. זיי שפּייזען זיך פון דער אַרבעט פון זייערע הענט און ווייסען ניט פון קיין רייך לעבען. אָבער זיי זענען אַ צווייג פון ישי'ס שטאַם און זייער זון מנחם, וואָס איז באַ זיי געבאָרען געוואָרען אין דעם טאָג וואָס דער פיינט האָט פאַרוויסט די קרוינשטאָט ירושלים, וועט דערלייזען דאָס פאָלק און וועט עס צוריק ברייננגען אינ'ם אייגענעם לאַנד.

האָט דער איד יהודה צוריק איינגעשפּאַנט דעם אָקס אין אַקער־אייזען און האָט ווייטער געאַקערט זיין ערד.



## יהודה ווערט א העגדלער פון געוואנט

ביז שפעט האָט יהודה געאַרבעט אויף זיין פעלד. די שטערען האָבען זיך שוין באַוויזען אויפ'ן הימעל, ווען ער האָט אויסגעשפאַנט דעם אָקס פונ'ם אַקער און איז געגאַנגען אַ היים. ער איז נאָך אַלץ געווען באַרוישט פון דער גוטער בשורה וואָס ער האָט געהערט. ער האָט געטראַכט באַ זיך ווי גרויס סע זענען די וואונדער אויף דער וועלט: אָט איז געווען אַ געדיכט פינסטערניש, ס'האָט געדונערט און געבליצט, ער אַליין איז געלעגען אין שטויב און האָט אויסגעוויינט זיינע אויגען אויפ'ן גרויסען חורבן און באַלד דערנאָך האָט אויפגעשיינט די זון און ער האָט דערהערט די גוטע טרייסט-רייד אַז משיח איז געבוירען געוואָרען. משיח איז געבוירען געוואָרען, אָ, ווי ער וואָלט געוואָלט זען דעם דערלייזער, דעם יונגען צווייג פון דוד'ס שטאַם, וואָס וועט טראָגען אויף זיין קאָפּ דוד'ס קרוין און וואָס וועט צוריק אויפבויען די פאַרוויסטע שטאָט און דעם פאַרברענטען בית המקדש. גרויס זענען די וואונדער אויף דער וועלט און נאָך גרעסער זענען די וואונדער וואָס ווערען געטון מיט דעם אידישען פאָלק. ווי נאָר די זון איז אויף יהודה'ס הימלען פאַרגאַנגען, איז שוין געבוירען געוואָרען אַ נייע זון, וואָס וועט אַמאָל אויפשיינען.

דער איד יהודה איז אַ היימגעקומען צו זיין הויזגעזינד אינ'ם דערפעל דגניה און ער האָט אַזוי געזאָגט צו ווייב און קינד:

— איר ווייסט דאָך אַז איך בין אַ פשוט'ער מענש, תורה האָב איך ווייניג געלערענט, וואָרים איך בין געבוירען געוואָרען און אויסגעוואַקסען דאָ אין דגניה צווישען די בערג. אָבער מיין האַרץ איז פול מיט בייגקעניש צו זען אונזער געזאַלבטען משיח. איך וועל פאַרקויפען מיין אָקס און וועל איינהאַנדלען אַביסעל לייוועגט און געוואַנט און וועל זיך לאָזען אויף די וועגען ביז איך וועל קומען אין דעם דאָרף בירת ערבא, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון בית לחם. איך וויל אַז מנחם זאָל טראָגען מיינס אַ העמדעלע. און אפשר איז מיר אָנגעצייכענט אַז איך זאָל אים אַנטפּלעקען, וואָרים אַז ניט, פאַר וואָס זשע האָט מען קיינעם ניט דערציילט וועגען מנחם'ן,

נאָר מיר? דאָס איז ניט אומזיסט, ס'איז דאָ אַ באַהאַלטענער מיין דערביי.

האָט דאָס ווייב זיך צעוויינט:

— וואוהין וועסטו גיין, יהודה, אין אַזאַ צייט? דער שונא לויערט נאָך אויף די וועגן און דו קענסט נאָך אַריינפאַלען אין געפיינקעניש. ווער וועט אונזער פעלד באַאַרבייטען, ווער וועט אונז שפייזען און קליידען? יהודה, גיי ניט, האָב מיטלייד אויף דיין ווייב און אויף דיינע קינדער...

— פאַר אַריינפאַלען אין געפיינקעניש, — האָט יהודה געזאָגט, — האָב איך קיין מורא ניט, וואָרים מיט וואָס בין איך בעסער פון די שענסטע אידען פון ירושלים? זיי האָט געמעגט דער שונא שמידען אין קייטען און פאַרטרייבען קיין רוים און מיך נים? און דאָס וואָס דו זאָגסט אַז דו וועסט ניט האָבען ווער ס'זאָל דיך שפּייזען, האָב איך געלאָזט גענוג קאָרן און פלאַקס און וואָל אין שפּייכלער וואָס ס'וועט אייך קלעקען אויף צוויי יאָר און ביז צוויי יאָר וועל איך מסתמא צוריקקומען אין די גרעניצען פון אונזער לאַנד.

און יהודה האָט גענומען מיט זיך אַ שטעקען, האָט איינגעבונדען אין אַ פּעקעל אַביסעל עסען און האָט זיך געלאָזט גיין אויפ'ן וועג קיין בירת ערבא. ער האָט צונויפגעקויפט באַ אַלע איינוואוינער פון דגניה די לייוועגט און וואָל און איז געוואָרען אַ הענדלער פון קינדער געוואַנט. ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און האָט פאַרקויפט געוואַנט פאַר די קינדער.

## אויף וועגען

די וועגען זענען געווען וויסט, וואָרים די אידען האָבען מורא געהאַט פאַר'ן פיינט'ס חיילות אומצוגיין. די שטעט און דערפער זענען געווען פאַרברענט און די מענשען זענען געווען דערשלאָגען. דער בראַך האָט שווער געמאַכט איטלעכענס האַר'ץ און באַהאַלט־ענערהייט האָבען אַלע געקלאָגט אויפ'ן חורבן, וואָרים דער פחד פאַר די רוימער איז געווען גרויס און אָפען האָט מען מורא געהאַט צו קלאָגען.

. . . דערווייל האָט אויפגעהערט צו דונערען, דאָס פינסטערניש פון די בערג איז זיך צעשוואומען און די זון האָט אַ לויטערע אַרויסגעקוקט.

שוין הונדערט שטעט און דערפער איז יהודה דורכגעגאַנגען און קיינער האָט ניט געוואוסט אַז משיח איז געבוירען געוואָרען. ווי פאַרלוירענע שאָף האָבען זיך אַלע געפילט, קיינער האָט ניט געוויזען קיין גלייכען וועג וואוהין זיך צו ווענדען. און יהודה האָט געטראָגען דעם גרויסען סוד בּאַ זיך אין האַרצען און האָט אים צו

קיינעם ניט אַנטפּלעקט. מיט גרויסע האָט ער כמעט גאָרניט גע־רעדט, נאָר מיט די קינדער האָט ער זיך געשפּילט, געגעבן זיי מתּנות אַלערליי. שפּילערייען און זיי האָבן אים דערפאַר ליב געהאַט.

אין גאַנץ ארץ ישראל האָט מען פון אים געוואוסט. „דער גוטער הענדלער" האָט מען אים גערופן און אַז ער איז געקומען אין אַ דאָרף צי אין אַ שטעטעל און האָט אויפ'ן מאַרק צעשטעלט זיין געשטעל מיט'ן לייווענט, וואָל און זיידענס, האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמעלט די קינדער און האָבן געטאַנצט אַרום אים ווי בינען אַרום אַ זאַפטיגער רויז. זיי האָבן געפּאַטשט אין די הענט־לאַך און געשריען:

— דער גוטער הענדלער איז שוין דאָ, ער וועט אונז געבן מתּנות און שפּילערייען. גוטער הענדלער, זיי געבענטשט.

— קומט, מאַמעס, קויפט לייווענט, וואָל און זיידענס פאַר אייערע קינדער און נאָט אייך נאָך מתּנות דערצו. קומט געטרייע מאַמעס.

זענען די מאַמעס געקומען און יהודה, דער איינוואוינער פון'ם דערפעל דגניה, האָט זיי פאַרקויפט דאָס געוואַנט און אַז אַלע האָבן שוין איינגעהאַנדעלט וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, האָט ער זיין גע־שטעל צונויפגעלייגט, דאָס פּעקעל פאַרפּאַקט און איז אַרויס מיט די קינדער אויפ'ן ברייטען פעלד. דאָ האָט ער זיך מיט זיי געשפּילט און זיי די קינדער האָט ער פאַרטרויט דעם גרויסען סוד אַז אין בירת ערבא איז דאָ אַ קינד מנחם, וואָס וועט דאָס לאַנד באַפרייען פון'ם שונא'ס יאָך און אויפבויען די חורבות.

— מנחם, — האָט ער זיי געזאָגט, — מיינט טרייסט, ער איז געקומען אויף דער וועלט צו ברענגען טרייסט דעם פאָלק. בענטשט אים, קינדער, לויבט זיין נאָמען, גרויסט זיך מיט אים, ווארים דער טאָג וועט קומען און ער וועט זיך צו אייך באַווייזען אַ ליכטיגער, אַ שיינענדיגער.

און אַז ס'איז נאַכט געוואָרען, האָט יהודה זיך געמאַכט זיין געלעגער אונטער אַ בוים און האָט זיך געלייגט שלאָפן. פאַרטאָג, איידער די זון האָט נאָך אויפגעשיינט, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט גענומען זיך אויסשניצען שפּילערייען פאַר מנחם'ען. ער האָט

געמאַכט פאַר אים פונ'ם טייערסטען האָלץ ווינטמילען, דריידלאַך און אַנדערע זאַכען און דערביי האָט ער געלויבט זיין נאָמען.
און אַז ער איז געקומען אין בירת ערבא, האָט ער שוין געהאַט אַ פולען זאַק מיט די שענסטע שפּילאַכלאַך פאַר מנחם'ען. און



. . . ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און האָט פאַרקויפט געוואַנט פאַר קינדער.

אויך האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס בעסטע זיידענס פאַר אים, דאָס טייערסטע וואָלענס און די איידעלסטע לייוועגט. אויף אַלצדינג, וואָס ער האָט פאַר מנחם'ען אָנגעגרייט, האָט ער שווער געאַרבעט און זיינע ברכות האָבען גערוט אויף די שפּילאַכלאַך און אויף די טייערע שטאָפען.



# אין דאָרף בירת ערבא

דאָס מאַרק פּלאַץ אין דאָרף בירת ערבא איז ניט געווען קיין גרויס. אַרום האָבען זיך געצויגען די הייזער ווי אַ רונדיגער רינג און אַז יהודה האָט צעשטעלט זיין געצעלט, זענען זיך באַלד צונויפגעקומען אַלע מאַמעס מיט זייערע קינדער צו קויפען געוואַנט. באַ יעדער מאַמען האָט ער געפרעגט ווי דאָס קינד הייסט און קיין איין קינד האָט ניט געהייסען מנחם. דעם אידענס האַרץ איז פול געוואָרען מיט שרעק, טאָמער איז גאָר אַזאַ מנחם דאָ נישטאָ און ער איז גענאַרט.

און דאַמאָלסט, אָ, וויי צו מיר, וויי צו אונז, וועט גאָר ניט זיין קיין סוף צו אונזער בראָך, וועט דאָס לאַנד בלייבען פּאַרוויסט, וועט דער שונא שפּעטען פון אונז. דוד׳ס קרוין וועט פאַרראָסט ווערען, ווייל קיינער וועט זי ניט אָנטון, דאָס בית־המקדש וועט בלייבען חרוב ווי סע איז איצטער. אַלע מאַמעס האָבען שוין איינגעהאַנדעלט זייער געוואַנט און דער איד האָט נאָך אַלץ ניט צונויפגעלייגט זיין פּעקעל. ער האָט געוואַרט אַז מנחם׳ס מאַמע זאָל קומען קויפען. פּלוצלינג האָט ער דערהערט ווי איין מוטער האָט געשריען צו דער צווייטער:

— פאַרוואָס גייסטו ניט קויפען קיין געוואַנט פאַר מנחם׳ען און פאַרוואָס נעמסטו קיין מתנות ניט פאַר אים? אויב דו האָסט קיין געלט ניט, וועט דיר דער איד באָרגען, וואָרים מע רופט אים דער גוטער הענדלער, קיינער גייט פון אים ניט אַוועק מיט ליידיגען.

— ווי אַזוי קען איך קויפען פאַר מנחם׳ען געוואַנט, אַז ער איז באַ מיר געבוירען געוואָרען אינ׳ם טאָג פונ׳ם חורבן, — האָט אַ ווינענדיגע שטים אָפּגעענטפערט.

און אַז יהודה האָט דערהערט די וויינענדיגע שטים, האָט זיין האַרץ אין אים אָנגעהויבען צו ציטערען פאַר פרייד. הייסט עס אַז אין בירת ערבא איז טאַקע געבוירען געוואָרען מנחם און ער וועט זיין דער אויסלייזער פונ׳ם אידישען פאָלק. ניט אומזיסט האָט ער אומגעוואַנדערט איבער די וועגען פונ׳ם לאַנד; ניט אומזיסט האָט ער

באַהאַלטען די טייערסטע זיידענשטאָפּען און וואָלענשטאָפּען און ניט אומזיסט האָט ער געשניצט שפּילאַכלאַך פאַר מנחם'ען. ער וועט אים איצט זען, האַלטען אויף די הענט און שפּילען זיך מיט אים.

פאַרפאַקט האָט יהודה זיין געוואַנט, צונויפגעלייגט דעם גע־שטעל און איז צוגעקומען צום געצעלט, פון וואַנעט ער האָט געהערט די וויינעדיגע שטים פון מנחם'ס מוטער. סע איז געווען אינמיטען טאָג, אַ ברענענדיגע זון האָט געהאַנגען איבער בירת ערבא און די יונגע מוטער איז געזעסען אויפ'ן שוועל פונ'ם געצעלט אַ פאַרוויינטע ווען יהודה איז צו איר צוגעקומען. דער האָט מיט אַ שמייכעל באַגריסט די יונגע פרוי:

— פרידען צו דיר, אידישע טאָכטער, פרידען צו דיין זון מנחם'ען און פרידען צו דיין גאַנצען הויזגעזינד. איך בין אַ הענדלער פון קינדער געוואַנט, קויף באַ מיר עפּעס פאַר דיין מנחם'ען און איך וועל דיר גיבען נאָך מתנות און שפּילאַכלאַך פאַר אים.

און די מוטער האָט געהאַלטען מנחם'ען אויף די הענט און זי האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר פון אירע אויגען האָבען זיך געגאָסען טרערען און זענען געפאַלען אויפ'ן קינד'ס געזיכט ווי הייסע טראָפּענס.

— וואָס וויינסטו, — האָט דער איד יהודה געפרעגט, — פאַר־וואָס באַגיסטו מיט טרערען מנחם'ס געזיכט?

— ווי זאָל איך ניט וויינען, — האָט די מוטער אויפגעהויבען איר קול, — אַז איך בין אַזוי פאַרשאָלטען? אינ'ם טאָג, ווען דער פיינט האָט זיך אַריינגעריסען אין אונזער קרוינשטאָט ירושלים, איז באַ מיר מנחם געבוירען געוואָרען. ער איז געקומען אינאיינעם מיט'ן אומגליק אויף מיין פאָלק. איך האָב אין מיין בויך די קללה געטראָגען און דו ווילסט נאָך איך זאָל קויפען געוואַנט פאַר מנחם'ען.

— שלעכטס רעדען דיינע ליפּען, — האָט יהודה געזאָגט, — ניט וויינען דאַרפסטו, נאָר פרייען זיך, וואָרים דיין מנחם איז גע־קומען אויף דער וועלט אויסצולייזען דאָס אידישע פאָלק, צו זיין אַ טרייסט פאַר דעם. ניט קיין קללה האָסטו געטראָגען, נאָר אַ ברכה פאַר דיין פאָלק.

— וואָס רעדסטו, פרעמדער מאַן? ביסטו געקומען שפּעטען פון אַן אָרימער אומגליקליכער פרוי? מיין מאַן איז אין גלות פאַר־

טריבען, וואָרים ער איז געשטאַנען אויף דער ירושלים'ער פעסטונג און איצט בין איך איינע אַליין מיט מיין אומגליק אויף מיינע הענט, ביסטו נאָך געקומען שפּעטען פון מיר. דו טוסט ניט גוט, הענדלער, גיי אַוועק פון מיר און לאָז מיך וויינען אין מיין עלענדקייט.

דאָס קינד האָט זיך אַ צאַפּעל געטון אויף דער מוטערס הענט און יהודה האָט זיך צוגעבויגען צו דעם און איינגעקוקט זיך אין זיינע שוואַרצע אויגען. און געדאַכט האָט זיך אים אַז דאָס קינד קוקט אים גלייך אין די אויגען אַריין און רעדט צו אים עפּעס וואָס ער פאַרשטייט ניט.

און אָנגערופען האָט זיך דער איד יהודה צו דער פאַרוויינטער מוטער:

— איך האָב איצט אַריינגעקוקט אין די אָפּגרונטען פון דיין מנחם'ס אויגען און איך האָב געזען אין זיי דעם טיפען סוד פון דערלייזונג פאַר אונזער פאַריאָגט פאָלק.

— ווער ביסטו, וואָס דו רעדסט אַזעלכע ווערטער? — האָט זיך די מוטער פאַרוואונדערט, — מיר האָבען איצט קיין נביאים ניט, זיי זענען אַלע פאַרטריבען אין גלות און דו רעדסט ווי אַ נביא. זאָג מיר, פרעמדער, ווער ביסטו און פאַרוואָס זאָל איך דיר גלייבען?

— איך בין אַ הענדלער און איך בין אויסגעוועןאין אַלע ווינקעלאַך פון'ם לאַנד ביז די וועגען האָבען מיך געבראַכט אַהער קיין בירת ערבא איך זאָל מיט מיינע אייגענע אויגען זען מנחם'ען, אַריינקוקען אין די שוואַרצע אָפּגרונטען פון זיין בליק. און אין דער היים האָב איך געוואוינט אין אַ קליין דערפעל, פאַרוואָרפען אינ'ם גליל.

— פאַרוואָס זשע ביסטו אַזוי זיכער אַז מנחם מיין זון איז געקומען אויסצולייזען די אידען, אַז אַליין ביסטו קיין נביא ניט און גאָטס וואָרט איז ניט אויף דיין צונג?

— ווען איך האָב דערהערט אַז ירושלים איז פאַרוויסט געוואָרען, האָט פון מיין הארץ גערונען אַ שטראָם בלוט און דערנאָך איז מיר מיין וואונד פלוצלינג געהיילט געוואָרען און דאָס איז דערפאַר וואָס סע האָט דערפילט אַז דער אויסלייזער איז געקומען אויף דער וועלט. ניט קיין נביא בין איך, נאָר אַ אידישער הענדלער.

און דער איד יהודה האָט ווידער צעלייגט זיין פעקעל געוואַנט און גענומען ווייזען:

— דו זעסט, אָט דאָס זיידענשטאָף מיט די גרויסע ווייסע בלומען, דאָס איז פאַר אים. נעם עס און ניי אויף פאַר אים די שענסטע קליידער. און דאָס וואָלענס נעם און דאָס געוואַנט, וואָס איז וויים ווי דער שניי אויפ׳ן חרמון און איידעל ווי דאָס געזיכט פונ׳ם קעניגס טאָכטער. נעם און פוץ אוים מנחם׳ען און פריי זיך מיט אים, אידישע טאָכטער.

און יהודה האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט דעם אונטער אַ ברייט צעצווייגטען בוים וואו ער האָט זיך גענומען שפּילען מיט דעם. ער האָט אַרויסגענומען אַלע שפּילעכלאַך וואָס ער האָט אָנגעגרייט פאַר אים.

און אַז ער האָט אַרויסגענומען פון זיין טאָרבע אַן אויסגע-שניצט לייבעלע, וואָס ער האָט געמאַכט, ווען ער האָט איינמאָל אין אַ טאָג גערוט אין אַ וואַלד אין די אפרים-בערג, האָט דאָס קינד אויסגעשטרעקט די הענטלאַך און זיך געצויגען צו דעם. און געדאַכט האָט זיך יהודה׳ן אַז די אויגען באַם קינד האָבען אויפגעפלאַמט. און געזאָגט האָט ער צו זיך אַליין אַז מנחם וועט זיין שטאַרק ווי אַ לייב און אַז ער וועט פאַרצוקען אַלע פיינט פונ׳ם אידישען פאָלק.

דאָס קינד האָט זיך אַזוי לאַנג געשפּילט באַ יהודה׳ן אויף די הענט, ביז סע איז איינשלאָפען געוואָרען. און גענומען האָט עס דער איד און האָט עס אַוועקגעטראָגען צו דער מוטער און שטילער-הייט האָט ער צו איר געזאָגט:

— ער איז איינגעשלאָפען, לייג אים אַריין אין וויגעל און וואַך איבער אים סע זאָל אים קיין שלעכטס ניט געשען. היט אים ווי דיין אויג אין קאָפּ.

און ער האָט איבערגעלאָזט פאַר מנחם׳ען אַלערליי שטאָפען און שפּילעכלאַך און איז מיט׳ן פעקעל זיינעם אַוועקגעגאַנגען ווייטער אין זיין וועג פון וואַנדער. אָבער איצט איז ער שוין געגאַנגען צוריק מיט דער גרויסער בשורה אויף זיינע ליפען.

## מנחם פאַרשווינדט

און נאָך עטליכע וואָכען וואַנדער איז יהודה צוריקגעקומען אין זיין דערפעל דגניה. זיין הויזגעזינד האָט ער געטראָפען זייער פאַראָרימט און אַז זיין ווייב האָט אים דערזען אַ באַוואָקסענעם און אַ ליכטיגען מיט פריידיגע אויגען, האָט זי אויסגעשריען:

— יהודה, וואו ביסטו געווען? דו ביסט באַוואָקסען ווי איינער וואָס האָט געלעבט מיט די חיות אין וואַלד, אָבער דו זעסט אויס גליקלאַך...

— יא איך בין גליקלאַך, וואָרים איך האָב געפונען מנחם׳ען, דעם דערלייזער פונ׳ם אידישען פאָלק.

און דאָס ווייב איז געוואָרען פריילאַך, וואָרים זי איז געווען אַ גוטע אידישע טאָכטער און האָט געוואָלט דאָס פאָלק זאָל דערלייזט ווערען. האָט זי געמיינט אַז דער דערלייזער איז שוין אַ דערוואַקסענער איד און אַז באַלד וועט ער באַפרייען די אידען.

— ווען וועט ער קומען? — האָט זי מיט פרייד געפרעגט, — איך וויל אים שוין זען און דאָס אידישע לאַנד וויל איך שוין זען באַפרייט...

— ניין, — האָט יהודה געענטפערט, — ער וועט אַזוי גיך ניט קומען, וואָרים ער ליגט נאָך אין וויג און זיין מוטער האָדעוועט אים נאָך מיט איר מילך. אָבער ער וועט זיין דער משיח. איך האָב אריינגעקוקט אין די אָפּגרונטען פון זיינע שוואַרצע אויגען...

און יהודה האָט פלוצלינג אויסגעשריען מיט באַגייסטערונג און דאָס פּנים זיינס האָט אויפגעשיינט ווי באַלויכטען פון אַ פלאַם:

— שטאַרק וועט ער זיין ווי אַ לייב. איך האָב אים געגעבען אַ הילצערן לייבעלע און ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע הענטלאַך צו דעם. דאָס איז אַ צייכען אַז ער האָט אין זיין נשמה דעם מוט צו קעמפען און צו שפּילען זיך מיט לייבען...

און אַלע פאַרנאַכט האָט יהודה צונויפגעזאַמעלט די אידען פון דגניה און ער האָט זיי דערציילט די וואונדער פון מנחם׳ען. די אידען

האָבען זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער און זיי האָבען אים מקנא געווען וואָס ער האָט געהאַט דאָס גליק מיט זיינע אויגען אַליין צו זען דאָס קינד, וואָס וועט דאָס אידיש לאַנד אויסלייזען און צוריק־ברייגנען די פאַרטריבענע זין.

— איר הערט, די מוטער זיינע האָט דאָך אים געשאָלטען, ווייל זי האָט געמיינט אַז ער האָט געבראַכט די קללה אויף'ן פאָלק...

אין דער שטילקייט פון דער דגניה'ר נאַכט האָט יהודה דער־ציילט די אידען ווי מנחם זעט אויס, ווי ער שפּילט זיך באַ דער מוטער אויף'ן שויס און געטרייסט זענען די אידען געוואָרען און מיט גליקזעליגקייט זענען זייערע הערצער אָנגעפילט געוואָרען.



. . . פלוצלינג האָט ער דערהערט ווי איין מוטער האָט געשריען צו דער צווייטער:

— פאַר וואָס גייסטו ניט קויפען קיין געוואַנט פאַר מנחם'ען און פאַר וואָס נעמסטו ניט קיין מתנות פאַר אים?

דער איד יהודה האָט צוריק אָפּגעקויפט זיין אָקס און ער האָט זיך ווידער גענומען באַאַרבייטען זיין ערד, ווי ער האָט געטון אַלע יאָרען זיינע, ווען ער איז נאָך געווען אַן ערד אַרבייטער צווישען די הויכע בערג פונ'ם גליל.

איינמאָל איז ער מיט זיין אָקס געווען אויפ'ן פעלד און פלוצלינג איז געקומען אַ שטורעמווינט. ביימער האָט ער אויסגעריסען מיט זייערע וואָרצלען, בערג האָט ער געמאַכט ציטערען. און אַז יהודה האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל, האָט ער געזען אַז אַ וואונ־דערליכע לויטערקייט איז צעגאָסען פון איין ברעג ביז צום אַנדערען. אַזאַ לויטערקייט, וואָס ליכטיגער איז עס נאָך פון דער זון. אונטען אַ שטורעם און אויבען אַ וואונדערליכע ליכטיגקייט, וואָס קען עס באַטייטען?

. . . — דו זעסט, אָט דאָס זיידענשטאָף מיט די גרויסע ווייסע בלומען, דאָס איז פאַר אים. נעם עס און ניי אויף פאַר אים די שענסטע קליידער.

און יהודה'ס אָקס האָט ווייטער געמרוקעט און יהודה האָט ניט פאַרשטאַנען דעם באַשייד דערצו. פלוצלינג האָט ער דערהערט ווי איבער זיין קאָפּ האָט זיך עפּעס פאַרבייגעטראָגען און אין דעם שטורעמווינט האָט זיך אים געדאַכט אַז ער הערט מנחם'ס שטים. איז ער דערציטערט געוואָרען און איז געפאַלען מיט זיין געזיכט צו דער ערד.

יהודה האָט באַלד אויסגעשפּאַנט דעם אָקס, האָט געלאָזט דעם אַקעראייזען אינמיטען פעלד און איז אַהיים געקומען. און צו

זיין ווייב האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדדיג, דערשראָקען קול:

— מע רופט מיך ווידער. איך האָב געהערט ווי מנחם האָט דורכגעשוועבט איבער מיין קאָפּ און ער האָט עפּעס געזאָגט.

— דאָס האָט זיך דיר נאָר אויסגעדאַכט, יהודה, — האָט אים דאָס ווייב געענטפערט, — סע איז ניט מער ווי דער שטורעם.

— ניין, איך האָב דערפילט מיט מיין האַרץ אַז עפּעס איז געשען מיט מנחם׳ען. איך וועל גיין אין בירת ערבא.

דאָס ווייב און אַלע דאָרפסמענשען האָבען אים געבענטשט אויפ׳ן וועג און יהודה איז מיט זיין פּעקעל אויף די פּלייצעס ווייטער געגאַנגען אויפ׳ן וועג קיין בירת ערבא.

דאָס איז געווען אין אָנהייב הערבסט, ווען די יונגען און די מוידען פון גליל האָבען צונויפגעזאַמעלט די תבואה אין די שייערען.

און אין יענער צייט האָט דער פיינט נאָכמער געדריקט די אידען. די האַרען פון רוים זענען געקומען אויף די אידישע פעלדער און האָבען צוגענומען די ברויטען פאַר דער מלוכה. און די אידען, וואָס האָבען שוין באַהאַלטען די ברויטען אין די שייערען, האָבען זיי געשמיסען און געצוואונגען זיי צו גיבען די שליסלען און אַליין אָנפילען די זעק און אָנלאָדען די וועגענער אַוועקצופירען זיי קיין רוים. און דאָס פאָלק האָט געהונגערט און געקרעכצט אונטער׳ן שווערען יאָך. פון די געוויינען פון די הונגעריגע קינדער האָבען זיך די הימלען געשפּאָלטען, אָבער קיינער האָט זיך צו זיי ניט צוגעהערט, וואָרים די הערצער פון די פיינט זענען געווען האַרט ווי קיזעלשטיין.

אַז יהודה איז פאַרבייגעגאַנגען אַ דאָרף, האָט ער פאַרזאַמעלט אַלע אידען און האָט צו זיי גערעדט און געטרייסט זיי:

— דער דערלייזער איז שוין געבוירען געוואָרען. ווען דער פיינט האָט אין זיין ווילדען צאָרען פאַרוויסט די הייליגע שטאָט ירושלים, איז ער געבוירען געוואָרען. ער איז אַ קינד פון ישי׳ס שטאַם און ער וועט טראָגען דוד׳ס קרוין אויף זיין געזאַלבטען קאָפּ...

אין איינער אַ נאַכט איז יהודה געקומען קיין בירת ערבא און ער האָט איבערגענעכטיגט אין ווערדעל לעבען דאָרף. אינדערפרי איז ער געגאַנגען צום געצעלט וואו מנחם׳ס מוטער האָט געוואוינט

און אויף דער שוועל האָט ער זי געטראָפען אַ טרויעריגע און פאַר-וויינטע.

— וואו איז מנחם? — האָט יהודה געפרעגט און זיין האַרץ אין אים האָט געציטערט.

— דער ווינט האָט אים פאַרטראָגען, — האָט די מוטער גע-ענטפערט, — איך בין געשטאַנען מיט אים אויף דער שוועל פון מיין געצעלט און געלאָבט זיך מיט זיין ליכטיגען שמייכעל, איז גע-קומען אַ שטורעמווינט און האָט אויסגעריסען דאָס קינד פון מיינע הענט...

— האָסטו אים געהיט?

. . . — דער ווינט האָט אים פאַרטראָגען. איך בין געשטאַנען אויף דער שוועל פון מיין געצעלט, איז געקומען אַ שטורעמווינט און האָט אויס-געריסען דאָס קינד פון מיינע הענט.

— ווי מיינע אויגען אין קאָפּ. קיינמאָל פון אים ניט אָפּגע-טראָטען. נאָר דער ווינט האָט אים צוגענומען און אַז איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענט צו אים, האָב איך אים ניט געקענט דערגרייכען. איך האָב געזען זיין שמייכעל און ער איז פאַרשוואונדען, ווי איז צו פיינע טעג, — האָט די מוטער געוויינט מיט ביטערע טרערען...

יהודה האָט איצט פאַרשטאַנען וואָס דער שטורעמווינט איבער זיין קאָפּ האָט באַטייט און ער האָט געזאָגט:

— ווייַן נים, מנחם'ען איז קיין שלעכטס נים געשען. ער איז פאַרשוואונדען און ער וועט זיך צוריקקערען אין דער ריכטיגער צייט, ווען די דערלייזונג וועט קומען...

און דער איד יהודה האָט זיך ווידער געלאָזט וואַנדערען אויף וועגען און האָט זיך צוגעהערט צום שטורעמס צאָרענדיג בלאָזען אין די פינסטערע נעכט, ווען ער איז געלעגען אויף זיין פּעקעל ערגעץ אין אַ וועלדעל, אָדער אויף אַ פעלד.



# די גאָלדענע האָר

ר׳ חנינא איז געווען אַ געלערנטער און ערליכער מאַן. ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים, וואָס האָבן ביי אים געלערנט חכמה און זיי זענען אויך געווען אַזוי פרום און ערליך ווי ער. אין דער פרי, ווי די זון האָט נאָך אויפגעשיינט, איז ר׳ חנינא מיט זיינע תלמידים אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן פעלד און זיי האָבן אַלע אינאיינעם באַארבייט די ערד און ווען די זון איז געקומען אינמיטען הימעל, האָבן זיי זיך געזעצט אונטער׳ן שאָטען פון אַ ברייטען, צעצווייגטען בוים און ר׳ חנינא האָט מיט זיינע תלמידים געלערנט אַלערליי חכמות פון דער וועלט.

אין יענער צייט האָט אין שומרון, דער קרוינשטאָט פון ישראל, געקעניגט זייער אַ שלעכטער מלך. אַלע האָבן דעם מלך פיינט געהאַט און ער האָט פיינט געהאַט אַלעמען. ער האָט געדריקט דאָס פאָלק, האָט אַרויפגעלייגט אויף אים שווערע צינזען און האָט צוגענומען ביי די ערד-אַרבייטער די בעסטע ברויטען פון זייערע פעלדער, און ביי די פאַסטוכער — די בעסטע שאָף און רינדער. און וואָס מער ער האָט דאָס פאָלק געדריקט, אַלץ מער האָט עס אים פיינט געהאַט; און וואָס מער דאָס פאָלק האָט אים פיינט געהאַט, אַלץ מער האָט ער פיינט געהאַט דאָס פאָלק.

און אַפילו זיינע ראַט-געבער האָט דער מלך פיינט געהאַט. ער האָט שטענדיג מורא געהאַט אַז זיי לויערען אויף זיין לעבען, און אַז זיי פלעגען אים עפּעס ראַטען, וואָס אים איז נישט געפעלען געוואָרען, האָט ער צאָרנדיג אויסגעשריען:

— אָ, איך וויים, איר ראַט מיך אוממיסטען שלעכט, כדי מיך צו פאַרפירען! — און ער האָט באַפוילען צוויי פון די ראַט-געבער צו טויטען, כדי די אַנדערע זאָלען וויסען און מורא האָבען.

האָט דער שלעכטער מלך פון ישראל געהערט וועגען ר׳ חנינא און, וועגען זיין ערליכקייט און וועגען זיין קלוגשאַפט, האָט ער

געשיקט אַ רייטער אין׳ם דערפעל וואו ר׳ חנינא האָט געוואוינט און האָט אים געבראַכט אין פּאַלאַץ אַריין. און ווען ר׳ חנינא איז געשטאַנען פאַר׳ן מלך, האָט ער צו אים געזאָגט:

— חנינא, איך האָב געהערט דערציילען, אַז דו ביזט זייער אַ געלערנטער און קלוגער מאַן. איך האָב אויך געהערט, אַז דו ביזט אַן אָרענטליכער און ערליכער מאַן. איך וועל דיך דערפאַר מאַכען פאַר מיין עלטסטען ראַט-געבער.

האָט ר׳ חנינא זיך געבוקט פאַר׳ן מלך און געזאָגט:

— אדוני קעניג, אויב איך בין געלערנט און קלוג, ווילסטו דאָך געוויס איך זאָל אַנדערע אויך לערנען, אַז זיי זאָלען זיין אַזוי ווי איך, ווי-זשע קען איך פאַרלאָזען מיינע תלמידים?

— נעם דיינע תלמידים מיט זיך אין מיין פּאַלאַץ, איך וועל באַפעלען מיינע הויפליַיט זיי זאָלען אייך באַדינען, — האָט דער מלך געזאָגט.

— ניין, אדוני מלך, מיר ווילען נישט עסען קיין אומזיסט ברויט. די חכמה קען נאָר קומען צו דעם וואָס אַרבייט אויף זיין ברויט. טייל אונז אָפּ אַ שטיק פון דיינע פעלדער און מיר וועלען דאָס פעלד באַאַרבייטען און לערנען. און ווען דו וועסט מיך דאַרפען, וועסטו מיך שיקען רופען.

איז דעם מלך זייער געפעלען געוואָרען ר׳ חנינא׳ס ווערטער און ער האָט געטאָן ווי ער האָט אים געבעטען. ר׳ חנינא מיט זיינע תלמידים האָבען זיך באַזעצט לעבען שומרון אויף דעם מלך׳ס פעלד און זיי פלעגען ווי שטענדיג אויפשטיין מיט׳ן טאָג גלייך און באַאַרבייטען דאָס פעלד און דערנאָך, ווען די זון איז געקומען אינ-מיטען הימעל, האָבען זיי זיך געזעצט אונטער׳ן שאָטען פון אַ בוים און געלערנט חכמה.

דער מלך האָט ר׳ חנינא׳ן זייער ליב געהאַט פאַר זיין ערליכ-קייט און די אַנדערע ראַט-געבער האָט ער נאָך מער פיינט באַקומען. האָבען די ראַט-געבער צווישען זיך גערעדט:

— זינט ר׳ חנינא איז געקומען צום מלך, איז ער נאָך געוואָרען ערגער צו אונז. מיר דאַרפען זען פון ר׳ חנינא׳ן פּטור ווערען. ער דערציילט אודאי אויף אונז שלעכטס.

און צווישען די ראַט-געבער איז געווען איינער אַ גוטער, האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים:

— ניין, איר האָט אַ טעות, ר׳ חנינא וועט אויף אייך נישט ריידען קיין שלעכטס, איך קען אים גוט און ווייס, אַז ער איז דער ערלאַכסטער מענש אין דער וועלט. מיר דאַרפען זוכען אַנדערע וועגען ווי אַזוי דעם קעניג בעסער צו מאַכען. אָ, איך האָב אַ מיטעל, דער קעניג האָט נישט קיין ווייב, וועלען מיר אים ראַטען ער זאָל חתונה האָבען, אפשר וועט ער דאַמאָלס בעסער ווערען. מיר וועלען אויסקלייבען פאַר אים אַ גוטע און ערליכע אידישע טאָכטער און זי וועט ווייכער מאַכען זיין בייז האַרץ.

די עצה איז געפעלען געוואָרען אַלע ראַט-געבער און זיי זענען געקומען צום מלך און אים געראַטען ער זאָל חתונה האָבען. אָבער ער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערען. ער האָט אויף זיי בייז אָנגעשריען און האָט זיי פאַרטריבען פון זיך.

אין אַ צייט אַרום איז דער מלך געזעסען אין זיין גאָרטען אָנגעלענט אויף אַ שטול פון צעדער-האָלץ און האָט געקוקט פון וויטען ווי זיינע דינער טראָגען אין פאַלאַץ אריין אַלע פרוכטען וואָס זיי האָבען צוגענומען פון דעם פאָלקס גערטענער. פלוצלינג איז געקומען צולויפען אַ פויגעל, וואָס דער קעניג האָט נאָך אַזעלכען קיינמאָל נישט געזען. דער פויגעל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום קעניג׳ס קני און האָט אַנידערגעלייגט אויף זיין האַנט אַ האָר און איז אַוועקגעפלויגען. דער מלך האָט גענומען די האָר און האָט געזען אַז זי איז אַ גאָלדענע. אַקעגען דער זון האָט זי געגלאַנצט און האָט אויסגעזען ווי אַ גאָלדענער שטראַל.

האָט דער מלך באַלד געשיקט רופען זיינע ראַטגעבער און האָט צו זיי געזאָגט:

— איר האָט מיך געראַטען איך זאָל חתונה האָבען און איך האָב אייך נישט געוואָלט הערען. איצט האָב איך זיך איבער-געדערכענט און איך וועל חתונה האָבען מיט דער מיידעל, וועמעס האָר דאָס איז. איר דאַרפט מיר געפינען די מיידעל, אַז נישט וועל איך אייך טויטען. נו, גייט דערפילט מיין באַפעל.

האָבען זיך די ראַט-געבער זייער דערשראָקען, וואָרים זיי האָבען ניט געוואוסט וואו צו געפינען די מיידעל, וואָס די גאָלדענע האָר איז אירע. האָבען זיי געזאָגט צום מלך:

— גרויסער הערשער, דו האָסט ביי זיך אַזאַ קלוגען ראַט-געבער ווי ר׳ חנינא, באַפעל אים, וועט ער געפינען די מיידעל וואָס די גאָלדענע האָר איז אירע.

און געטראַכט האָבען זיי ביי זיך: ר׳ חנינא וועט די מיידעל נישט געפינען און דער מלך וועט אים דערפאַר טויטען, וועלען מיר דערווייל פּטור ווערען פון אים.

האָט דער מלך געשיקט רופען ר׳ חנינא׳ן, און ער איז געקומען.

— חנינא, — האָט דער מלך צו אים געזאָגט, — איצט איז געקומען די צייט זאָלסט באַווייזען ווי גרויס דיין קלוגשאַפט איז: געפין די מיידעל וואָס די גאָלדענע האָר איז אירע און ברייננג זי צו מיר, וועל איך זי מאַכען פאַר דער מלכה פון ישראל. און טאָמער געפינסטו זי נישט, וועל איך דיך טויטען.

האָט ר׳ חנינא מיטגענומען דריי ברויט און צוועלף גולדען און האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דעם ערשטען טאָג האָט ער זיך געלייגט שלאָפען אונטער אַ בוים, וואָרים ער איז מיד געווען פון׳ם וועג. הערט ער ווי אַ ראָב קראַקעט אויפ׳ן בוים. קראַ-קראַ-קראַ-קראַ! האָט ר׳ חנינא פאַרשטאַנען, אַז דער ראָב איז הונגעריג, האָט ער אים אַוועקגעגעבען איין ברויט פון זיינע דריי ברויטען. אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט ער באַגעגענט אַן אויסגעדאַרטען הונט, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט ברענענדיגע אויגען. און ר׳ חנינא האָט דעם הונט אַוועקגעגעבען זיין לעצט ברויט. ער איז געגאַנגען ווייטער דורך פעלדער און וועלדער ביז ער איז געקומען צו אַ גרויסען טייך. זעט ער ווי פישער האָבען געפאַנגען אַ פיש און ווי דער פיש צאַפּעלט זיך אין די נעצען. האָט ר׳ חנינא באַצאָלט די פישער פאַר׳ן פיש די צוועלף גולדען וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט און דעם פיש האָט ער צוריק אַריינגעלאָזט אין טייך אַריין.

און ר׳ חנינא איז ווייטער געגאַנגען ביז ער איז געקומען צו אַ ווייטען פרעמדען לאַנד. אין יענעם לאַנד איז דעם טאָג געווען-

אַ יום טוב און ר׳ חנינא האָט געזען ווי דאָס פאָלק איז געגאַנגען איבער די גאַסען און האָט געזונגען און האָט געלויבט זיין גוטע קעניגין. האָט ר׳ חנינא אָפּגעשטעלט איינעם פונ׳ם פאָלק און אים געפרעגט:

— זאָג מיר, גוטער מענש, ווי זעט אויס אייער קעניגין?

— אונזער קעניגין האָט בלויע אויגען ווי דער הימעל און גאָלדענע האָר ווי די זון און גוט איז זי ווי אַ מלאך. געלויבט איז אונזער קעניגין!

איז ר׳ חנינא געקומען צו דער קעניגינס פּאַלאַץ און האָט געבעטען מ׳זאָל אים אַריינלאָזען. האָבען זיך די דינער פון אים אויסגעלאַכט:

— פון וואַנעט קומסטו, פרעמדער מענש? דו ווייסט נישט ווי בּאַ אונז פירט זיך: בּאַ אונז קען יעדער זען די קעניגין ווען ער וויל און ער דאַרף זיך בּאַ קיינעם נישט אָנפרעגען. אונזער קעניגין האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט. זי טוט יעדען גוטס און יעדער טוט איר גוטס.

איז ר׳ חנינא אַריינגעקומען צו דער קעניגין און האָט געזען אַז אירע האָר זיינען פונקט אַזעלכע ווי די גאָלדענע האָר וואָס דער פויגעל האָט געבראַכט דעם מלך פון ישראל, און ער האָט צו איר געזאָגט:

— גוטע קעניגין, איך האָב געהערט ווי דאָס פאָלק זינגט דיר לידער און לויבט דיך. איצט בין איך געקומען צו דיר פון ווייטען און איך וויל דו זאָלסט מיט מיר פאָרען אין מיין לאַנד און חתונה האָבען מיט׳ן מלך פון ישראל. נאָר דו מיט דיין גוטס-קייט וועסט קענען ווייכער מאַכען זיין בייז האַרץ און לייטערען זיין נשמה. ס׳איז אַזוי באַשערט, וואָרים אַ פויגעל האָט געבראַכט צום מלך׳ס קני דיינע אַ האָר.

אַז די קעניגין האָט דאָס דערהערט, האָט זי אויסגעשריען:

— איצט זע איך שוין, וואָס דער פויגעל האָט דאַמאָלס אויס-געריסען מיינע אַ האָר. איך בין איינמאָל געשטאַנען אין גאָרטען און געוואַשען מיין קאָפּ אין די קלאָרע וואַסערען פונ׳ם טייך, איז פּלוצלינג געקומען אַ פויגעל, אַזאַ וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל זיין

גלייכען נישט געזען, און ער האָט זיך געזעצט אויף מיין קאָפּ און האָט אויסגעריסען אַ האָר. גוט, איך וועל גיין מיט דיר, אָבער פריער וויל איך דיך אויספּרואווען מיט צוויי זאַכען. ערשטענס, וויל איך זאָלסט מיר בריינגען אין אָט די צוויי קריגעלאַך וואַסער, איין קריגעלע מיט גן-עדן וואַסער און דאָס צווייטע מיט גהינום וואַסער.

און די גוטע קעניגין האָט ר׳ חנינא׳ן געגעבען די צוויי קריג-עלאַך. איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען און האָט זיך געטראַכט: „וואו וועל איך נעמען גן-עדן וואַסער און גיהנום-וואַסער? איך בין פאַרלאָרען".

און ווי ער שטייט אַזוי. דערהערט ער פּלוצלינג דאָס זעלבע קראַקען פון דעם ראב, וואָס ער האָט אים אַוועקגעגעבען דאָס ברויט. דער ראב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו ר׳ חנינא׳ן אויפ׳ן אַקסעל און האָט גענומען פּאָכען מיט די פליגעל. האָט ר׳ חנינא פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט און האָט אָנגעבונדען די קריגעלאַך אויף זיינע ביידע פליגלען און האָט אים אָפּגעלאָזט. דער ראב האָט זיך אויפגעהויבען ביז איבער די וואָלקענס, דערנאָך זיך אַראָפּ-געלאָזט אין אַ טיפען טאָל און איז צוריקגעקומען מיט ביידע קריגעלאַך פול מיט וואַסער. ר׳ חנינא האָט די קריגעלאַך אָגע-בונדען פון׳ם ראב׳ס פליגלען און האָט זיי אַריינגעטראָגען אין דער קעניגינס פּאַלאַץ.

אַז די קעניגין האָט דערזען די צוויי קריגעלאַך פול מיט וואַסער, האָט זי געזאָגט:

— איך וויל דאָס וואַסער אויספּרואווען.

און זי האָט אַרויפגעגאָסען אַביסעל פון׳ם וואַסער אויף איר האַנט און די גאַנצע האַנט האָט גענומען ברענען ווי מיט אַ העליש פייער. דערנאָך האָט זי אַרויפגעגאָסען אַביסעל גן-עדן וואַסער און די האַנט איז איר באַלד געהיילט געוואָרען.

— און איצט, — האָט די קעניגין געזאָגט, — וויל איך דיך אויספּרואווען מיט אַ צווייטער זאַך. איך בין אַמאָל געפאָרען אויפ׳ן ים, האָב איך אומגערן אַריינגעוואָרפען אין וואַסער אַ טייערען דימענטענעם רינג. אַז דו וועסט מיר אים בריינגען, וועל איך מיט דיר פאָרען צו דעם מלך פון ישראל און וועל מיט אים חתונה האָבען.

איז ר׳ חנינא אַרויסגעגאַנגען צום ים און האָט זיך געטראַכט: נו, איצט איז שוין פאַרפאַלן. די גרונטען פונ׳ם ים זענען נישט אויסצומעסטען, ווי וועל איך דאָרטען אויפזוכען דער קעניגינס רינג?

אַזוי ווי ער טראַכט אַזוי, שלאָגט זיך אָן אַ כוואַליע אָן זיינע פיס און ער דערזעט דעם ר״ש, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט באַ די פישערס פאַר צוועלף גולדען. דער פיש האָט זיך געגעבען אַ וואָרף און האָט אויסגעשפּיגען דעם דימענטענעם רינג. ר׳ חנינא האָט גענומען אויפהייבען דעם רינג, איז אָנגעקומען אַ קאַץ און האָט דעם רינג איינגעשלונגען. האָט ר׳ חנינא שוין געוואָלט צוריק־גיין צו דער קעניגין און איר זאָגען, אַז ער קען דעם רינג נישט געפינען, אָבער אין דער מינוט איז אָנגעקומען יענער הונט, וואָס ר׳ חנינא האָט אים אַוועקגעגעבען זיין לעצט ברויט, און ער האָט צעריסען מיט זיינע שאַרפע ציין די קאַץ אויף צווייען און דער רינג איז געבליבען ליגען לעבען ר׳ חנינא׳ן.

אַז די קעניגין האָט דערזען איר רינג, האָט זי געהייסען אָנ־לאָדען קעמלען מיט די בעסטע פרוכטען, געוועבס, גאָלד און זילבער און איז מיט ר׳ חנינא׳ן געפאָרען קיין שומרון חתונה האָבען מיט׳ן מלך פון ישראל. און אַז דער מלך האָט זי דערזען, האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אין זיין גאַנצן לעבען באַוויזען אַ שמייכעל אויף זיין געזיכט און ער איז געוואָרען אַ גוטער קעניג. און ר׳ חנינא׳ן האָט ער געמאַכט פאַר׳ן ערשטען מענשען פון לאַנד נאָכ׳ן קעניג.

# אין א רעגענדיגען אווענט

דער זומער איז אַוועק. די טעג זענען געוואָרען קורצע. קאַלטע ווינטען האָבען אָנגעהויבען צו בלאָזען. עס איז געקומען דער הערבסט מיט זיינע גאָלדענע טעג און בלויע הימלען און מיט די קאַלטע ווינטיגע נעכט. אויף די גאַסען און אין די פּאַרקען האָבען זיך געוואַלגערט געלע, אָפּגעשמיסענע בלעטער און דיביימער זענען שוין געשטאַנען נאַקעטע מיט טרוקענע צווייגען.

יאַנקעלע איז שוין געגאַנגען אין סקול. דעם ערשטען סעזאָן האָט ער ערשט אָנגעהויבען צו גיין אין סקול און עס איז אים אַזוי שווער געווען אויפצושטיין פרי. אָבער, אַז ער האָט נאָר געעפענט די אויגען און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, איז ער שוין געווען אַ מונטערער און אויפגעלעבטער. ער האָט ליב געהאַט די סקול און איז צופרידען געווען כאָטש אַ גאַנצען טאָג צו לערנען אין סקול. און ניט אַזוי די סקול אַליין ווי קינדער, מיט וועלכע ער האָט זיך געשפּילט: עס איז אַזוי פריילִיך און גוט צו שפּילען זיך מיט קינדער פון איין קלאַס. ביזט היימיש מיט זיי, בעסער נאָך, ווי מיט אייגענע שוועסטער און ברידער.

אין דער היים האָט זיך שוין געקומען פילען, אַז דער קאַלטער ווינטער שטייט הינטער דער טיר און וואַרט נאָר דער האַלב וואַרימער הערבסט זאָל זיך נעמען דעם וועג. די מאַמע האָט גאַנצע טעג גענייט

וואַרימע קליידער פאַר יאַנקעל'ען און זיין שוועסטער'ל, באַשעלע. דער טאַטע האָט אַוועקגעגעבן זיין פאַראַיאָריגען ווינטער-מאַנטעל אויספּרעסען און האָט אַלץ געריעדט, אַז ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי טייער, וואָלט ער זיך געקויפט אַ נייעם. די פענסטער אין הויז האָט מען שוין ניט געהאַלטען אַזוי ברייט אָפען און אויף באַנאַכט האָט די מאַמע נאָר איין פענסטער אַביסעל געלאָזט אָפען און די איבעריגע האָט זי פאַרמאַכט.

— עס איז שוין ניט קיין זומער, — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין, אָדער צו איטליכען, — ס'גייט שוין צו ווינטער און די ווינטען זענען קאַלטע.

איינמאָל אין אַ טאָג האָט די מאַמע ארויפגעבראַכט פון'ם יאַרד דעם ראָבער פלענט. אַ גאַנצען זומער איז דער פלענט געשטאַנען אין דרויסען אויף דער פרישער לופט, אויף דער זון און אויפ'ן רעגען. איצט, אַז די קעלט איז אָנגעקומען, האָט די מאַמע אים ניט געוואָלט לאָזען אין דרויסען, ווייל ער האָט נאָך געקענט פאַרפרוירען ווערען.

און אַז די מאַמע האָט דעם ראָבער פלענט אַוועקגעשטעלט אין הויז לעבען פענסטער, איז עס יאַנקעל'ען זייער געפעלען געוואָרען. ער האָט באַטראַכט די פליישיגע בלעטער, האָט אַרומגעטאַפּט זיין האַריגען שטאַם און האָט זיך געפרייט, וואָס ער איז אַזוי שיין אויסגעוואַקסען. דערנאָך איז יאַנקעל'ען איינגעפאַלען צו צומעסטען זיך צום ראָבער פלענט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און האָט געזען, אַז די בלעטער זענען העכער פון אים אפשר מיט פינף קעפ. האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און האָט קוים דערגרייכט דעם פערטען בלאַט.

— זע נאָר, — האָט יאַנקעלע געזאָגט צו זיך אַליין — אַ ראָבער פלענט וואַקסט אפשר טויזענט מאָל גיכער פון אַ קינד. ערשט אין פרילינג, אַז די מאַמע האָט דעם פלענט אַרונטערגעטראָגען אין יאַרד, בין איך געווען צוויי מאָל אַזוי הויך ווי ער און איצט גיב נאָר אַ קוק ווי ער איז אויסגעוואַקסען.

אַ גאַנצען טאָג האָט יאַנקעלע געטראַכט וועגען דעם ראָבער פלענט און ער האָט דערציילט זיין שוועסטער'ל, ווי שנעל ראָבער פלענטס וואַקסען. באַשעלע איז געווען עלטער פון יאַנקעל'ען מיט אַ יאָר און זי האָט גערעדט ווי אַ גרויסער מענש.

— ווייסטו פאַרוואָס, יאַנקעלע, — האָט זי געזאָגט, — דער פלענט איז אַזוי אויסגעוואַקסען? דערפאַר, וואָס ער איז געשטאַנען טאָג און נאַכט אין דרויסען. אפילו, אַז עס האָט גערעגענט האָט מען אים געלאָזט אין דרויסען...

— אָבער איך, פאַרוואָס איך ניט?... — האָט יאַנקעלע געפרעגט.

— ווען דו וואָלסט געשטאַנען די גאַנצע צייט אין דרויסען, וואָלסטו אויך אַזוי אויסגעוואַקסען...

אין אָוונט זענען ביידע קינדער געזעסען אין הויז און געקוקט אין אַ בוך מיט בילדער. אין דרויסען האָט גערעגענט. דורכ'ן פענסטער האָט אַריינגעבלאָזען אַ קאַלטער נאַסער ווינט. אָבער אין הויז איז געווען גוט און וואַרעם. די עלעקטריק האָט העל באַלויכטען די שטוב און עס אַזוי גוט די קינדערלאַך צו זיצען דאָ, ווייסענדיג, אַז אין דרויסען איז אַזוי קאַלט.



פלוצלינג האָבען די קינדער דערזען ווי דורכ'ן פענסטער האָט זיך אַריינגעריסען אַ פייגעלע. מיט אַזאַ שטילען גערויש איז עס אַריינגעפלויגען. עס איז אינגאַנצען נאַס געווען און די פליגעלאַך האָבען זיך קוים באַוועגט. יאַנקעלע האָט זיך באַלד אויפגעכאַפּט און גענומען טאַנצען:

— אַ פייגעלע, אַ פייגעלע, לאָמיר עס כאַפּען...

אָבער באַשעלע האָט געענטפערט:

— מען טאָר ניט, יאַנקעלע, אַ פייגעלע האָט ניט ליב, אַז מע כאַפּט עס.

דערנאָך האָט זיך באַשעלע באַטראַכט:

— מיר וועלען עס יא כאַפּען, יאַנקעלע, וואָרים אַ פייגעלע איז נאַריש און עס וועט נאָך צוריק אַרויספליען אין דרויסען אויפ'ן רעגען און אויף דער קעלט און עס קען נאָך פאַרפרוירען ווערען...

יאַנקעל'ען איז געפעלען געוואָרען וואָס באַשעלע זאָגט, אַז מע מעג כאַפּען דאָס פייגעלע און ער האָט גענומען טאַנצען:

— מיר וועלען עס כאַפּען, באַשעלע, און געבען עס עסען און אַביסעלע מילך...

ביידע קינדער האָבען זיך געלאָזט נאָכיאָגען דעם פייגעלע. אָבער דאָס פייגעלע האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס די קינדער ווילען פון דעם. עס האָט ניט געוואוסט, אַז זיי מיינען ניט קיין שלעכטס און עס איז געפלויגען מיט אַלע כחות, כאָטש געווען איז עס אָפּגע-שוואַכט פון דער קעלט און רעגען.

מיט אויסגעשטרעקטע הענט זיינען די קינדער נאָכגעלאָפען דעם פויגעלע. זיי זענען געשפרונגען אויף ביינקלאַך און אויף טישען, זיי האָבען אומגעוואָרפען שטולען, גלעזער אויפ'ן טיש און דאָס פייגעלע האָבען זיי ניט געקענט כאַפּען.

און דאָס קליינע פייגעלע איז דערווייל אַלץ שוואַכער געוואָרען און מיט די לעצטע כחות איז עס אַנטלאָפען פון די קינדער. און אַזוי אַנטלויפענדיג האָט זיך עס מיט אימפעט אָנגעשלאָגען אָן דער וואַנט און זיך צוקלאַפּט דאָס קעפּעלע. אויף דער וואַנט איז געבליבען אַ פלעק פונ'ם בלוט. און דערנאָך איז עס אַרויסגעפלויגען דורכ'ן פענסטער.

האָט זיך יאַנקעלע צואוויינט, אַזוי האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרץ, אָבער באַשעלע האָט געזאָגט בייז:

— ס'איז געווען אַ שלעכט פייגעלע, מיר האָבען געוואָלט עס האַלטען אין דער וואַרים און ניט אַרויסלאָזען אין דרויסען, האָט עס אַליין ניט געוואָלט.

און כאָטש באַשעלע איז עלטער געווען פון יאַנקעל'ען מיט אַ גאַנץ יאָר, האָט זי דאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט שלעכטס געטון דעם פייגעלע.

# דאָס גאָלדענע קעלבעלע

אין אַ שטאָט האָבן געלעבט צוויי ברידער. איין ברודער איז געווען אַ רייכער און דער אַנדערער איז געווען אַן אָרעמער.

דער רייכער ברודער האָט געוואוינט אין אַ שיין הויז, וואָס איז געשטאַנען אין אַ גאָרטען. אין גאָרטען זענען געוואַקסען וואונדערבאַר-שיינע בלומען מיט שמעקענדיגע רויזען, מיט אַלערליי גוטע געשמאַקע פרוכטען.

און אין הויז איז געשטאַנען דאָס שענסטע מעבעל. רויט-פּאָלירטע שטולען, מיט ווייכע קישעלאַך; טישען גרויסע און טישען קליינע, פיר-עקיגע טישען און קיילאַכדיגע טישען; ביי די ווענט ווייכע סאָפעס און אויף די ווענט האָבן געהאַנגען שפּיגלען, אַזעלכע גרויסע, אַז אַ מענש האָט זיך געזען אין זיי אין זיין גאַנצער גרייס.

און דער אָרימער ברודער האָט געוואוינט ווייט הינטער דער שטאָט אין אַ קליין הילצער'ן הייזעל מיט אַ צובראָכענעם דאַך, וואָס, אַז ס'איז געגאַנגען אַ רעגען, האָט דורך אים אַריינגעפלוכעט אין שטיבעל אַריין.

דאָס גאַנצע מעבעל ביים אָרימען ברודער אין שטיבעל איז געווען געמאַכט פון פּשוט'ען ווייסען האָלץ און מער ווי אַ צוויי טאַבורעטלאַך, אַ טיש מיט איין צובראָכענעם פוס און מיט דריי גאַנצע פיס און צוויי בעטען איז אין שטיבעלע ניט געווען.

דער אָרימער ברודער האָט געהאַט פיר קינדער און דער רייכער האָט קיין קינדער ניט געהאַט.

דער אָרימער ברודער פלעגט אַמאָל קומען צום רייכען, אָבער דער רייכער צום אָרימען פלעגט קיינמאָל ניט קומען, וואָרים, וואָס וועט ער קומען אין דעם איינגעפאַלענעם הייזעלע, אַז ער האָט אַזאַ שיין הויז.

איינמאָל אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט איז דער רייכער ברודער גראָד פאַרבייגעגאַנגען דעם אָרימען ברודערס שטיבעלע און ער האָט

געהערט פון דאָרטען אַ געזאַנג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין שטיבעלע דאָרטען איז זייער פריילאַך און ס'איז אים געוווען אַ וואונדער. אַז ער האָט אין עטליכע טעג אַרום באַגעגענט זיין אָרימען ברודער, האָט ער זיך אָנגערופען צו אים:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס בײַ דיר איז אַזוי פריילאַך. דו וואוינסט אין אַ חורבה, קיין מעבעל האָסטו ניט און איך האָב געהערט, אַז ס'מאַכט זיך אָפט דו זאָלסט ניט האָבען קיין שטיקעל ברויט אין הויז. מיין הויז איז דאָס שענסטע אין שטאָט און דאָס מעבעל איז דאָס רייכסטע און בײַ מיר איז אומעדיג און טרויעריג.

האָט דער אָרימער ברודער אַ שמייכעל געטאָן און אים געענטפערט:

— אָ, בײַ מיר אין הויז איז דאָ אַזאַ גאָלדען קעלבעלע, וואָס האָט גלעקלאַך, טרומפּייטלאַך און פייפעלאַך און אַז דאָס קעלבעלע צעטאַנצט זיך, הייבען די גלעקעלאַך אָן צו קלינגען, די טרומפּייטעלאַך צו טרומפּייטלען און די פייפאַלאַך צו פייפען. אין הויז ווערט דערפון פריילאַך, אַז מיר פאַרגעסען אָן אַלע אונזערע צרות, אפילו דעם הונגער פאַרגעסען מיר אויך פאַר פרייד.

טראַכט זיך דער רייכער ברודער:

— גאָלד האָב איך דאָך אַ סך, וועל איך מאַכען פאַר זיך אַ גאָלדען קעלבעלע, אַ בעסערס און אַ שענערס, ווי מיין ברודער האָט, און בײַ מיר אין הויז וועט ווערען נאָך פריילאַכער ווי בײַ מיין אָרימען ברודער אין הויז.

איז דער רייכער ברודער געקומען אַהיים און האָט געשיקט רופען דעם בעסטען גאָלדשמיד פון שטאָט און האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— נאַ, איך גיב דיר דאָס בעסטע גאָלד, וואָס איך האָב, דאָס איז לויטער גינגאָלד און מאַך מיר אַ קעלבעלע פון דעם מיט גלעקלאַך, מיט טרומפּייטאַלאַך און מיט פייפאַלאַך. און מאַך אינווייניג אַזעלכע שרייפאַלאַך, אַז דאָס קעלבעלע זאָל אַליין קענען גיין, ווען מע וועט עס אָנדרייען.

איז דער גאָלדשמיד אַהיימגעגאַנגען, האָט זיך פאַרשלאָסען בײַ זיך אין הויז און איז אָפּגעזעסען גאַנצע זיבען טעג. אויפ'ן

אַכטען טאָג אויף דער נאַכט האָט ער אָפּגעבראַכט דאָס קעלבעלע צו דעם רייכען אין הויז. אַך, איז דאָס געווען אַ קעלבעלע! דאָס גאָלד האָט געבלאַנקט, די אויגען זענען געווען ווי לעבעדיג, וואָרים דער גאָלדשמיד האָט אַריינגעזעצט אַזעלכע צוויי טייערע דימענטען, וואָס האָבען אויסגעקוקט אַזוי ווי קעלבערנע אויגען.

היינט די גלעקעלאַך, די טרומפּייטאַלאַך און די פּייפאַלאַך, זיי זענען געווען אַזוי פיין אויסגעטאָקט און האָבען אַזוי הויך געקלונגען, געטרומפּייטערט און געפּייפט, אַז שענער און בעסער איז אויף דער וועלט נישטאָ.

און באַם גביר אין הויז האָט מען אָנגעצונדען אַלע לאָמפּען. ס'איז געווען ליכטיג און די גאָלדענע כלים אויף די טישען האָבען אין זיך אָפּגעשפּיגעלט די ליכטיגקייט און אַרויסגעגעבען אַזוי פיל פאַרבען און קאָלירען, אַז ס'איז געווען וואונדערבאַר.

דער רייכער מאַן אַליין און דאָס ווייב זיינס זענען געזעסען אויף די ווייכע שטולען, אויסגעפּוצט אין זיידענע קליידער און זיי האָבען באַקוקט דעם גאָלדשמידס אַרבייט. אָט איצט וועט זיי שוין זיין אַזוי פריילאַך, דאָס גאָלדענע קעלבעלע וועט פאַרטרייבען דעם אומעט און די טרויעריגקייט פונ'ם הויז.

דער גאָלדשמיד האָט מיט אַזאַ שליסעל אָנגעדרייט די שרויפאַלאַך פונ'ם אינווייניגסטען מעכאַניזם און דאָס קעלבעלע האָט אָנגעהויבען צו גיין איבער'ן הויז און אונטערצוטאַנצען און די גלעקאַלאַך האָבען דערביי געקלונגען, די טרומפּייטאַלאַך האָבען געטרומפּייטערט און די פּייפאַלאַך האָבען געפּייפט. פריילאַך איז אָבער ניט געוואָרען. פאַרקערט, ס'איז געוואָרען אומעטיגער און מאַן און ווייב זענען געזעסען און האָבען שווער געזיפצט פון טרויעריגקייט.

שפּעטער מיט עטליכע טעג האָט דער רייכער ווידער באַגעגנט דעם אָרימען ברודער און ער האָט זיך צו אים אָנגערופען:

— וואָס פאַר אַ מין קעלבעלע איז באַ דיר דאָ? איך האָב געמאַכט אַ קעלבעלע פונ'ם בעסטען גאָלד און באַ מיר איז געוואָרען נאָך אומעטיגער פון דעם.

— קום וועל איך דיר ווייזען מיין גאָלדען קעלבעלע, — האָט דער אָרימער געזאָגט.

ס'איז געוועזן אַ רעגענדיגער פאַרנאַכט. ביידע ברידער זענען אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט און זענען צוגעקומען צום קליינעם איינגעפאַלענעם הייזעלע. נאָך פון דערווייטענס האָבען זיך געהערט אַ פריילאַך געלעכטער און אַ געזאַנג.

און אַז זיי זענען אַריינגעקומען אין הויז, האָט דער אָרימער אָנגעוויזען דעם רייכען:

— אָט דאָס איז מיין גאָלדען קעלבעלע.

אויף דער ערד האָבען זיך געשפּילט פיר קינדערלאַך, געקייקעלט זיך, געפּאָרען רייטענדיג איינער אויפ'ן אַנדערען און געפּאַטשט אין די הענטלאַך און געפרייט זיך.

דער רייכער ברודער איז אַ שטילער געשטאַנען אַ לאַנגע צייט און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— ווייסטו וואָס, ברודער, קום וואוין מיט דיין גאָלדען קעלבעלע ביי מיר אין הויז.



# ביימעלע, ביימעלע

דעם גאַנצען זומער איז יאָסעלע אָפּגעווען אין קאָנטרי. די קליינע פאַרם איז געשטאַנען צווישען הויכע בערג, מיט שוואַרצע פינסטערע וועלדער. אַרום דער פאַרם אליין איז געווען א פּרוכט-גאָרטען, וואו ס'האָבען געוואַקסען עפּעל, באַרען און פלוימען. ווען יאָסעלע איז געקומען אין קאָנטרי, זענען נאָך די פּרוכטען געווען גרין, אָבער שפּעטער, אין זומער אריין, האָבען זיך די עפּעל אָנגעהויבען צו רויטלען, די באַרען זענען געוואָרען שווער און באַ-קומען א געלבליכען קאָליר און די פלוימען זענען שוואַרץ געוואָרען.



האָט ער זיך דערמאָנט אָן די בערג, אָן די שוואַרצע וועלדער און אָן אַלע וואונדערליכע זאַכען פון דער קאָנטרי און ס'האָט זיך אים אַזוי געבייענקט, אַז דאָס האַרץ אין אים איז שיעור ניט צוריסען געוואָרען.

---

יאָסעלע האָט געהאַט אַזאַ שטעקען, מיט וועלכען ער פלעגט אַראָפּקלאַפּען די פּרוכטען און אַניט, פלעגט ער גלאַט צוגיין, אַ טרייסעל טון דעם בוים און די עפּעל, די באַרען, אָדער די פלוימען, האָבען אָנגעהויבען צו פאַלען גלייך אויף אים. אַך, איז דאָס געווען גוט! יאָסעלע האָט אַזש געטאַנצט פאַר פרייד און געזונגען:

ארצע בארצע —
פלוימען שווארצע,
בערעל שוטה —
עפעל רויטע,
זונען העלע —
בארען געלע.

און מיט די פערד, און מיט די בהמות און מיט יונגע ווייכע קעלבלאך האָט זיך יאָסעלע געשפּילט און ס'איז אים געווען אַזוי פריילאך, אַז ער האָט אַלע מאָל געזונגען און געטאַנצט.

אַז דער פּאַרמער האָט געבראַכט אַ וואָגען היי פונ'ם פעלד, האָט יאָסעלע צונויפגענומען אַלע קינדערלאך און זיי האָבען אַרויפ-געקלעטערט אויפ'ן הויכען וואָגען און זיי האָבען געזונגען:

איינס צוויי,
אויפ'ן היי,
דריי פיר,
פאָרען מיר.

דער זומער איז אָבער אַוועק, ס'איז געקומען סעפּטעמבער און יאָסעלע'ס מאַמע האָט זיך איינמאָל אָנגערופען צו יאָסעלען:

— נו, מיין זונדעלע, מאָרגען פאָרען מיר שוין אַ היים. דאַרפסט שוין אָנהייבען צו גיין אין סקול.

איז יאָסעלען געוואָרען טרויעריג אויפ'ן האַרצען. ער איז אויפגעשטאַנען דעם צווייטען טאָג גאַנץ פרי און איז אַרויסגע-גאַנגען אין דרויסען.

סע איז געווען וואַרים און ווייך. די זון האָט געשיינט און געגלעט ווי אַ גוטע אַלטע באָבע. דער וואַלד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען ציען באַלד הינטער'ן הויז, איז געשטאַנען ווי אַ פאַר-חלום'טער. אַ לייכט ווינטעלע האָט שוין געבלאָזען און די בלעטער האָבען זיך שטיל באַוועגט.

אָך, ווי יאָסעלען האָט באַנג געטאָן פאַרלאָזען די קאָנטרי. אָבער ער מוז פאָרען אין שטאָט אַריין, וואָרים ער דאַרף אָנהייבען ווידער גיין אין סקול.

יאָסעלע האָט דערהערט אַ שטילען מו און ער האָט דערקענט די שטים פונ'ם קעלבעלע, מיט וועלכען ער האָט זיך דעם גאַנצען

זומער געשפּילט. ער איז נאַרגייזאנגען נאָכ'ן מוקען און איז צו־ געקומען צום קעלבעלע.

ער האָט עס אַרומגענומען, צוגעלייגט דעם קאָפּ צום קעלבעלעס קאָפּ און זיך געזעגנט מיט דעם:

— זיי געזונט, מיין קעלבעלע, — האָט יאָסעלע געזאָגט, — איך פאָר שוין אַוועק אין שטאָט אַריין. ווינטער וועל איך זיך שוין שפּילען מיט די קינדער אויף דער גאַס, אָבער זומער וועל איך צוריק קומען צו דיר. אָ, דו וועסט שוין זיין אַ קועלע און וועסט מיר שוין געבען מילך צום טרינקען... זיי געזונט, מיין קעלבעלע...

דערנאָך איז יאָסעלע געגאַנגען זוכען דאָס פערד „ביל". ער האָט ביל'ן געפונען אויפ'ן גראָז, וואו ער האָט זיך רואיג געפּאַשעט. דאָס פערד האָט אָנגעהויבען פריילעך צו הירזשען ווען יאָסעלע איז צו דעם צוגעקומען, אָבער יאָסעלע איז ניט געווען פריילאַך ווי אַלע מאָל.

ער האָט אָנגענומען ביל'ן באַ דער מאָרדע און זיך געזעגנט מיט דעם.

— ווייסט, ביל, כ'פאָר שוין אַוועק. אין שטאָט אַריין פאָר איך. ווינטער וועסטו זיך שפּיל־ען מיט'ן הונט פּעט'ן. ער וועט בילען אויף דיר און דו וועסט הירזשען. ביידע וועט איר זיין אין שטאַל און איך וועל זיין אין שטאָט. זיי געזונט מיין ביל...

און מיט'ן עפּעלבוים האָט זיך יאָסעלע אַזוי געזעגענט:

— ביסט אַ גוטער בוים, האָסט מיר געגעבען אַזעלכע רויטע רונדע עפּעל. אַ דאַנק דיר פאַר זיי...

ווייט אין וואַלד איז געלאָפען אַ שמאָל טייכעלע. יאָסעלע פלעגט זיך דאָ באָדען, וואַשען דאָס געזיכט אין די קאַלטע וואַסערען און אַמאָל, אַז סע איז אים געוואָרען אומעדיג, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלען דאָ און וואַרפען קליינינקע שטיינדעלאַך אין דעם. סע איז געוועזען אַזוי פריילאַך צו זען ווי די שטיינדלאַך גיבען אַ פלושקע אויף דאָס וואַסער און סע ווערען קליינע בלעזלאַך, רעדעלאַך אַזעלכע און דערנאָך צעגייען זיי זיך.

איז יאָסעלע צוגעקומען צום טייכעלע און לאַנג געשטאַנען און געקוקט אויף דעם. די וואַסערען זענען געלאָפען איבער די שטיינער און געפּליסטערט עפּעס אַזוינס וואָס יאָסעלע האָט ניט פאַרשטאַנען, אָבער וואָס איז אים געוועזען אַזוי אַנגענעם צו הערען.

— זיי געזונט, טייכעלע. — האָט יאָסעלע געזאָגט, — איך פאָר אַוועק אין שטאָט אַריין. איבער'ן ווינטער וועסטו פאַרפרוירען ווערען, דער פראָסט וועט פאַרשמידען דיינע וואַסערען. און זומער אַז דו וועסט צוריק לויפען, וועל איך צו דיר ווידער קומען.

דעם שוואַרצען הונט טאָם האָט ער אויך געזאָגט „גוד באַי״ און איז אַהיים געפֿאָרען אין שטאָט אַריין.

אָבער אין שטאָט איז אים געווען אַזוי אומעטיג. מיט זיינע חברים האָט ער זיך ניט געקענט שפּילען, וואָרים זיי האָבען ניט געוואָלט הערען אַז ער האָט זיי אָנגעהויבען דערציילען וועגען דער קאָנטרי.

איינמאָל איז יאָסעלע אַרויסגעגאַנגען פֿון סקול. ס׳איז געווען אַ זוניגער טאָג. האָט ער זיך דערמאָנט אָן די בערג, אָן די שוואַרצע וועלדער און אָן אַלע וואונדערליכע זאַכען פֿון דער קאָנטרי און ס׳האָט זיך אים אַזוי געביינקט, אַז דאָס האַרץ איז אים שיעור ניט צעריסען געוואָרען.

איז ער אַזוי געשטאַנען אַ לאַנגע צייט און דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו עטליכע קינדערלאַך וואָס האָבען זיך געשפּילט אויף



אָבער די קינדער האָבען זיך אויף אים אפילו ניט אומגעקוקט און יאָסעלע איז געבליבען אַליין.

---

דער גאַס. ער האָט זיי געוואָלט דערציילען, אַז איצט איז אין קאָנטרי גוט, אַז דער פאַרמער רופֿט מסתמא איצט די קעלבעלאַך „קעבאַס, קעבאַס״ און זיי לויפֿען מיט די גלעקער אויף די העלזער און כאַפּען עסען פֿון זיינע הענט. אַז די עפּעל זענען שוין איצט

אַזעלכע גרויסע און די באַרען צייטיגע, אַז זיי צוגייען זיך אין מויל. אָבער די קינדער האָבען זיך אויף אים אַפילו ניט אומגעקוקט און יאָסעלע איז ווידער געבליבען אַליין. ער האָט זיך געטראַכט: „אָט, נאַרישע קינדער, ווייסען ניט וואָס גוט איז. דאָ איז הויכע מויערען, די זון זעט מען ניט און קייןביימער זענען נישטאָ. עפּעל דאַרף מען קויפען באַם איטאַליענער און זיי זענען ניט פריש”...

פון ווייטענס האָט יאָסעלע דערזען אַ ביימעלע, איז ער צו דעם צוגעגאַנגען און האָט צו דעם געזאָגט:



ביימעלע, ביימעלע, דו שטייסט דאָ אַליין, קיינער קוקט זיך אויף דיר ניט אום... איך בין אַזוי עלענד ווי דו...

---

— ביימעלע, ביימעלע, דו שטייסט דאַ אַליין, קיינער קוקט זיך אויף דיר ניט אום. איך בין אויך אַזוי עלענד ווי דו. מירביידע זענען די בעסטע חברים. ביימעלע, ביימעלע, איך האָב דיך אַזוי ליב... איבער אַ יאָר וועל איך דיך מיטנעמען מיט זיך אין קאַנטרי און דו וועסט דאָרטען זיין צווישען אַזוי פיל שיינע ביימער.



## דאס רויטע אינגעלע

בערעלע, רויט ווי אַ מערעלע, האָט געהאַט אַ שוועסטערל שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע. האָבן די קינדער אַלע מאָל גע־לאַכט פון זיי און זיך געררייצט:

בערעלע,
מערעלע,
שיינדעלע,
ציינדעלע,
האָפּ...
שוועסטערל שיינדעלע
בייסט מיט׳ן ציינדעלע
בערעלע-מערעלעס
קאָפּ...
עפּעלע-צעפּעלע,
אין אַ קליין טעפּעלע
קאָכט מאַמע פּערעלע
בערעלע-מערעלע
אָפּ...

האָט בערעלע, רויט ווי אַ מערעלע, געלאַכט און געזאָגט:

— מיך אַרט ניט. מיין שוועסטערל שיינדעלע בייסט מיך ניט און מיין מאַמע פּערעלע קאָכט מיך ניט אין אַ טעפּעלע, זיי האָבן מיך ביידע ליב.

און שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע, האָט אַרויסגעשטעקט איר צינגעלע, שאַרף ווי קלינגעלע, און האָט געזאָגט:

— עבערעבע! מאַמע מיר אויפגענייט אַ גיי קליידעלע, און טאַטע געבראַכט בערעלען אַ שיין זייגערל. קיינער האָט ניט אַזאַ שיין זייגערל...

האָבן די קינדער ווייטער געלאַכט פון בערעלען:

שלום עליכם א גוטער איד,
ס׳גאַנצע פּנים אָפּגעבריט,
פייער-רויט איז בערעלע
ווייל זיין מאַמע פּערעלע
האָט אים אָפּגעקאָכט אין טאָפּ
מיט די פּיס און מיט׳ן קאָפּ...

פאַר די קינדער אין די אויגען האָט בערעלע געלאַכט. נאָר ווען ער איז געבליבען אַליין מיט זיין שוועסטערל שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע, האָט ער געוויינט:

— או-הו-הו... פאַר וואָס האָט מאַמע מיך אָפּגעבריט... איך וויל ניט זיין רויט...

האָט אים שיינדעלע געגלעט, וואָרים זי איז געווען אַ גוט מיידעלע, און האָט אים געטרייסט און אויסגעווישט די טרערען פון די אויגען:

—שאַ, בערעלע, וועסט ווערען וויים. וועסט שוין זען... איך׳ל זאָגען דער מאַמען... שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, טרינק מילך. מילך איז וויים, וועסטו אויך ווערען וויים...

און בערעלע, רויט ווי אַ מערעלע, האָט אָנגעהויבען צו טרינקען מילך. אָבער וויים איז ער ניט געוואָרען. ער איז אַלץ געווען אַ רויטער, מיט פייערדיגע האָר.

איינמאָל, אַז בערעלע מיט שיינדעלען האָבען זיך געשפּילט אין דרויסען מיט נאָך קינדערלאַך, איז צוגעקומען איין אינגעל און האָט געזאָגט:

— זע נאָר, אַ רויט אינגעלע... ס׳איז דאָך אַ גזלן. אַלע גזלנים זענען רויט...

האָבען אַלע קינדער זיך גענומען רייצען מיט בערעלען:

בערעלע גזלן
גייט אין וואלד,
זעט ער א מענשען,
שיסט ער אים באלד...
בערעלע-מערעלע,
שיינדעלע-ציינדעלע
האָפּ...

האָט בערעלע געהאַט אַ וואַסער-ביקסעל, האָט ער עס אַרויס-געכאַפּט און האָט זיך געמאַכט ווי ער איז טאַקע אַ גזלן, און האָט אויסגעשריען צו די קינדער:

— אַנטלויפט פון מיר, וואָרים אָט באַלד שיס איך אייך... איר זעט, כ׳שיס...

האָבן זיך די קינדער דערשראָקן און זענען זיך צעלאָפן, און אַז בערעלע איז געבליבן אַליין מיט שיינדעלען, האָט ער באַהאַלטען דאָס וואַסער-ביקסעל און געזאָגט:

— שיינדעלע, איך וויל ווערן ווייס. איך בין ניט אַ גזלן... זיי האָבן מיך אויסגעלאַכט.

— ווערסט ווערן ווייס, בערעלע, ווערסט שוין זען... אָט וועט קומען פעטער שנייער, מיר אים פרעגן ווי צו ווערן ווייס... פעטער שנייער איז אַ גוטער, ער׳ט זאָגן...

איז געקומען דער פעטער שנייער. ער האָט באַדעקט אַלע גאַסן מיט ווייסע פעדערן און אויף אַלע ביימאַלאַך האָט ער אָנ-געטון ווייסע שנירעלאַך. איז בערעלע, רויט ווי אַ מערעלע, אַרויס-געגאַנגען אין דרויסן, ווען דער שניי איז געפאַלן, און האָט געזאָגט:

— פעטער שנייער, פעטער שנייער, ביזט דאָך אַ גוטער, זאָג ווי אַזוי קען איך ווערן ווייס אַזוי ווי דו. אַלע קינדער לאַכן פון מיר און רופן מיך בערעלע-מערעלע און בערעלע גזלן... פעטער שנייער, גוטער פעטער שנייער, מאַך מיך ווייס.

האָט אים דער פעטער שנייער גאָרניט געענטפערט, וואָרים ער איז געווען פאַרנומען, ער האָט געדאַרפט פאַרדעקן די גאַנצע וועלט מיט ווייסע פעדערן און אָנטון ווייסע שנירעלאַך אויף די ביימעלאַך און ווייסע היטלען אויף די דעכער.

איז בערעלע, רויט ווי אַ מערעלע, אַהיימגעקומען צו זיין שוועסטערל שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע, און זיך געקלאָגט פאַר איר, אַז פעטער שנייער וויל אים ניט ענטפערן.

— פעטער שנייער איז אַ שלעכטער, — האָט שיינדעלע גע-זאָגט. — דו הערסט ווי ער בייזערט זיך וואו-או-או... מיר׳ן גיין צו דער לבֿנה, זי איז אַ גוטע.

און אַז ס׳איז געקומען אַ לבֿנה-נאַכט, איז בערעלע מיט שיינדעלען אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און זיך געשטעלט קעגן

דער לבנה, און בערעלע האָט געזאָגט:

— לבנה, לבנה, ביזט דאָך אַזוי גוט, זאָג מיר, ווי אַזוי קען איך ווערען ווייס אַזוי ווי דו, אַז אַלע קינדער זאָלען פון מיר ניט לאַכען און ניט רופען מיך בערעלע-מערעלע און בערעלע גזלן. לבנה, איך האָב דיך אַזוי ליב...

און שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע, האָט געבעטען די לבנה:

— לבנה, לבנה, זיי גוט צו מיין ברודער בערעלען און זאָג אים ווי צו ווערען ווייס...

אָבער די לבנה האָט זיי ביידע ניט געענטפערט, וואָרים זי שווייגט שטענדיג. נאָר פון ערגעץ איז אָנגעקומען אַן אַלטער מאַן, מיט אַ ווייסער באָרד און ווייסע ברעמען, און האָט ביידע קינדערלאַך אַריינגעפירט אין אַ הויז און האָט געזאָגט:

— זעסט, בערעלע, איך בין ווייס איצט. אַמאָל בין איך אויך געווען אַזוי רויט אַזוי ווי דו, און איצט בין איך ווייס. וועסט ווערען אַלט אַזוי ווי איך, וועסטו ווייס ווערען. פעטער שנייער וואַרפט אַלע יאָר אַרויף אַ קליין ווייס שטויבעלע, און אַז סע גיין אַוועק אַ סך יאָרען, נעמען זיך צונויף אַ סך ווייסע שטויבעלאַך און מ'ווערט ווייס... און איצט גייט אַהיים, קינדערלאַך, און זייט געזונט און פריילאַך...

בערעלע מיט שיינדעלען זענען אַהיים געגאַנגען. אויפ'ן וועג האָט שיינדעלע, ווייס ווי אַ ציינדעלע, אַרויסגעשטעקט איר צינגעלע, שאַרף ווי אַ קלינגעלע, צו דער לבנה און געזאָגט:

— ביזט אַ שלעכטע, לבנה. פעטער שנייער איז בעסער פון דיר, ער וועט וואַרפען אַלע יאָר אַ ווייס שטויבעלע אויף בערעלען און ער וועט ווערען ווייס ווי יענער אַלטער מאַן...

# סע לויפט

די מאַמע האָט גענומען דאָס קוישעל און געזאָגט צו סעמי'ן:

— הער זיך צו, סעמעלע, איך דאַרף גיין אין גאַס אַריין איינקויפען, וויל איך, אַז דו זאָלסט שטיין לעבען דער חלה און היטען



זי זאָל ניט איבערלויפען, וואָרים דער גראָסער האָט מיר געגעבען היינט צופיל הייוועז און דאָס טייג הייבט זיך שטאַרק.

און אַז די מאַמע איז שוין געשטאַנען אויף דער טיר, האָט זי נאָך צוגעשריען:

— און די מילך זאָלסטו אויך היטען, זי זאָל ניט אויסלויפען.



סעמי'ן איז געפעלען געוואָרען די אַרבעט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבען דער חלה און געקוקט ווי זי הייבט זיך אין דער לופטען.

—אַך,—האָט ער זיך געטראַכט,

— וועט דאָס זיין געשמאַקע חלה! זי וועט זיך צעגיין אין מויל... שאַ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איך דאַרף היטן די מילך...

לויפט ער אין איין אָטעם צו צום אויוון און זעט, אַז די מילך האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צו קאָכן, איז ער ווייטער צוגעגאַנגען צום טיש, וואו די חלה איז געשטאַנען, און זיך אַוועקגעשטעלט היטן.

אַזוי איז סעמי אומגעלאָפן פון דער חלה צום מילך און פון דער מילך צו דער חלה. איז ער מיד געוואָרן און זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ שטול. איז ווי ער זיצט אַזוי, הערט ער ווי עפּעס הייבט אָן צו שיפּן, צו זידן. קוקט ער זיך גוט צו, זעט ער, ווי דאָס פענדעל מיט מילך לויפט. עס האָט באַקומען פיסלאַך און ס'האָט גענומען לויפן.

סעמי איז אויפגעשפרונגען פון שטול און האָט אָנגעפאַנגען נאָכצו־לויפן. אָבער ער האָט זי נים גע־קאָנט דעריאָגן. און ווי ער לויפט אַזוי נאָך דער מילך, דערמאָנט ער זיך אָן דער חלה. די חלה קאָן דאָך נאָך אַנטלויפן. לאָזט ער איבער די מילך און נעמט זיך לויפן נאָך דער חלה. און אַז ער איז צוגעקומען צום טיש, וואו די חלה איז געשטאַנען, האָט ער דערזען, אַז זי איז שוין דאָרט נישטאָ.

די חלה מיט דער מילך זענען ביידע אַנטלאָפן געוואָרן. געבליבן איז נאָר דאָס ליידיגע פענדעל און די בעקעלאַך פון דער חלה.

און סעמי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפ'ן שטול און

האָט זיך שוין געוואָלט צעוויינען. פּלוצלונג האָט ער דערפילט, ווי עמיצער רייסט אים. די מאַמע שרייט אים אין די אויערן:

— אַזוי, סעמעלע, האָסטו געהיט? מע קען זיך טאַקע אויף דיר פאַרלאָזן. נישטאָ וואָס צו ריידן...

סעמעלע האָט זיך אויסגעריבן די אויגען און געשריען:

— מאַמע, וואָס זאָל איך טאָן? זיי זענען אַנטלאָפן... די מילך האָט באַקומען פּים און איז געלאָפן... און די חלה אויך אַזוי...

די מאַמע האָט זיך צעלאַכט:

— ס'האָט זיך דיר גע'חלום'ט, סעמעלע, די מילך האָט זיך אַפילו ניט אָנגעהויבן צו קאָכן, וואָרים איך האָב ניט אָנגעצונדען די געז און די חלה האָב איך שוין איינגעזעצט אין אויווען...



# פּערעלע די קלײנע

פּערעלע איז שױן אַלט געװען צען יאָר און אױסגעקוקט האָט זי װי זי װאָלט נאָך אַפילו קײן פינף ניט געװען. אַ קלײנינקע, מיט קורצע פיסעלאַך, מיט פּיצעלאַך הענטעלאַך, אַזאַ איז פּערעלע געװען. קײנער האָט זיך ניט געקאָנט גלױבען אַז אין דעם קלײנעם מײדעלע, װאָס קען נאָך נעמען אַ שפּאַציר אונטערען טיש, זאָלען שױן ליגען צען יאָר.

ניט אײן מאָל מאַכט זיך אַז פּערעלע שטעלט זיך אַװעק אין דער רײ אַרײנצוגײן אין שול, קומט צו איר צו אַ קינד, װאָס קען זי ניט און טרײבט זי אַװעק:

— אַרױס פון דער רײ, דו פּאַרזעעניש, גײ אַהײם, װעט דיר די מאַמע געבען אַ „פּלעשעלע"...

און פּערעלע מאַכט אַ געװאַלד:

— װאָס מײנסטו, איך װעל דערצײלען דער לערערין. איך לערן שױן אין 4 בי. איך בין קליגער פון דיר.

און ס'װערט אַ געלעכטער. אַלע הײבען אָן צו שפּאַסען פון פּערעלען.

— איר װײסט — זאָגט אײן אינגעלע — אַז זי שטעלט זיך אונטער'ן טיש און שטרעקט אױס די האַנט, קען זי מיט די שפּיץ פינגער דערגרײכען דעם דעק...

— איך האָב אַלײן געזען װי זי האָט זיך געשפּילט מיט אַ הינטעלע. אַז דאָס הינטעלע האָט זיך אַװעקגעזעצט איז פּערעלע געװען פונקט די גרײס װי דאָס הינטעלע.

— װאָס דאַרפט איר אַ סך, איך האָב געזען װי זי איז געגאַנגען מיט אַ קינד פון דרײ יאָר און איטליכער האָט געמײנט אַז דאָס דרײ יאָריגע קינד איז איר עלטערע שװעסטער...

פּערעלע איז געשטאַנען אין רײ, אַ בײזע, אַ צעקאָכטע און האָט זיך געטראַכט: װאַרט, װאַרט, כ'װעל זיך אײנגיכען אונטער-

כאַפּען, כ'וועל מיט אַמאָל אונטערוואַקסען און דאַמאָלסט וועל איך זיך מיט אייך אָפּרעכענען. איר וועט שוין מער פון מיר ניט לאַכען, כ'וועל אייך שוין ווייזען, אַז איר וועט שוין פאַרזאָגען אַ צענטען, ניט אָנצוהויבען זיך מיט מיר...

אַז פּערעלע פלעגט אַמאָל גיין מיט'ן פאָטער אין גאַס און זיי פלעגען באַגעגענען באַקאַנטע, האָבען אַלע געפרעגט, פאַרוואָס ער נעמט מיט אַזאַ פּיצעל מיט זיך. פּערעלע'ס האַרץ איז צעריסען געוואָרען פון ווייטאָג און שאַנד. די קינדער פון איר עלטער האָבען זיך מיט איר ניט געוואָלט שפּילען, ווייל זי איז צו קליין און מיט קלענערע קינדער איז איר ניט אָנגעשטאַנען צו שפּילען זיך. און פּערעלע איז דערפאַר געווען עלענד און אַליין פלעגט זי אומשפּאַצי-רען אין דרויסען, מיט זיך אַליין שפּילען און מיט קיינעם ניט אָנקערען זיך.

נאָר די מאַמע איז געווען די איינציגע וואָס האָט זי געטרייסט און איר אויסגערעדט דאָס האַרץ:

— וואַרט, פּערעלע, וועסט מיט אַמאָל אויסוואַקסען... איך בין אויך ביז 12 יאָר געווען אַ קליינינקע...

אַזוי האָט די מאַמע גערעדט צו פּערעלען און פּערעלע האָט שוין געוואַרט אויף יענער צייט ווען זי וועט מיט אַ מאָל אויס-וואַקסען. אָך, וועט דאָס זיין אַ גליקלאַכע צייט פאַר איר. זי וועט איטלאַכען קענען קוקען אין די אייגען אריין, קיינער וועט פון איר ניט לאַכען און זי וועט זיך קענען שפּילען מיט קינדער פון איר עלטער.

איינמאָל, אין אַ ווינטערדיגען טאָג, איז פּערעלע דעם גאַנצען טאָג אַרומגעלאָפען. ס'איז איר דעם טאָג געווען זייער פריילאַך, וואָרים זי האָט זיך געשליטעלט און געגליטשט. זי האָט אין יענעם טאָג פאַרגעסען, אַז זי איז עלענד, וואָרים זי האָט געהאַט אַן איבער-געבענעם פריינט, דאָס שליטעלע. זי איז אַהיים געקומען אַ מידע און ווי זי האָט נאָר אָפּגעגעסען, האָט זי זיך באַלד געלייגט שלאָפען. איר בעטעלע איז געווען אַ קליינס, אָבער ווי קליין עס איז ניט געווען, האָט זי דאָך קיינמאָל ניט דערגרייכט אפילו העלפט פונ'ם בעטעלע. די מאַמע האָט איר אַמאָל געזאָגט אַז זי וועט אויסוואַקסען, וועט

זי מיט די פיס דערגרייכען דאָס צווייטע ווענטעל פונ'ם בעטעל. אָבער דערווייל האָט אַזוינס נאָך קיינמאָל ניט געטראָפֿען.

פערעלע איז געשמאַק אַנשלאָפֿען געוואָרען און ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אינמיטען נאַכט, האָט זי דערפילט, אַז זי דער־גרייכט מיט די פיס דאָס צווייטע ווענטעל פונ'ם בעטעל. דאָס האַרץ האָט איר גענומען האַסטיג צו קלאַפּען. וואָס זאָל עס הייסען? איז זי מיט אַמאָל אויסגעוואַקסען?

פרואווט זי נאָך אַמאָל אויסשטרעקען די פיס: דאָס ווענטעל שטייט איר ווידער אין וועג. פערעלען האָט זיך שוין ווידער פאָר־געשטעלט ווי זי קומט מאָרגען אַרויס אין גאַס און אַלע זעען אַז זי איז אַ הויך מיידעלע און קיינער וועט שוין ניט וואַגען צו לאַכען פון איר. און זי טראַכט זיך דערביי, אַז זי וועט זיך מיט קיינעם ניט אָפּרעכענען. צו וואָס דאַרף זי דאָס? ס'איז גענוג פאַר איר וואָס זי איז אויסגעוואַקסען. און פערעלע האָט געוואָלט אַז איר גוטע מאַמע זאָל באַלד וויסען פונ'ם גליק וואָס האָט איר געטראָפֿען. האָט זי אָנגעמאַכט אַ געוואַלד:

— מאַמע, מאַמע, מאַמעניו!...

די מאַמע איז געקומען צולויפֿען אַ דערשראָקענע ניט טויט, ניט לעבעדיג.

— וואָס שרייסטו, פערעלע?

— גיב אַ קוק, מאַמעניו, איך בין דאָך אויסגעוואַקסען...

די מאַמע האָט אָנגעצונדען די עלעקטריק און האָט דערזען אַז פערעלע איז געלעגען אין דער ברייט פונ'ם בעטעל...

# שרעטעלע

בערעלע האָט געוואוינט מיט זיין טאַטע־מאַמע און זיינע צוויי ברידערלאַך אין איין שוועסטערל אין אַ קליין שטיבעלע ווייט הינטער דער שטאָט. און געווען איז זיין טאַטע אַ גרויסער אָרימאַן, האָט ער שווער געדאַרפט אַרבייטן אויף צו פאַרדינען זיין ברויט. און די מאַמע האָט אויך געאַרבייט, נאָר קיינמאָל האָבן די קינדער ניט געהאַט קיין גאַנצע קליידער: אַלעמאָל זענען זיי געגאַנגען אין געלאַטעטע רעקעלאַך, אין צעריסענע הייזעלאַך און אין אָפּגעבליאַקעוועטע קליידעלאַך.

אָבער די קינדער זענען אַלעמאָל געווען פריילעך, וואָרים אַז דער טאַטע פלעגט אַהיימקומען, פלעגט ער מיטברענגען עפּעס אַ זאַך צום שפּילן זיך. ער האָט די זאַכן קיינמאָל ניט געקויפט, ווארים ער האָט ניט געהאַט פאַר וואָס און דערפאַר זענען דאָס מייסטענס געווען ניט קיין געווינטליכע שפּילעכלאַך, וואָס אַנדערע טאַטעס ברענגען זייערע קינדער, נאָר אַזוינע זאַכעלאַך וואָס מע געפינט אין גאַס און קיינער וויל זיי ניט אויפהייבן.

אַמאָל ברענגט ער אַהיים אַ קליין שרייפעלע און אַזאַ רעדעלע אין וועלכן דאָס שרייפעלע דרייט זיך אַריין. אַן איינפאַך שרייפעלע פון אַן אַלטען וואָגען, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין גאַס און קיינער האָט זיך אויף דעם ניט געוואָלט אומקוקן. אָבער דער טאַטע האָט צונויפגענומען אַרום זיך אַלע קינדער און האָט זיי פריער גוט אָנגעקושט און דערנאָך געזאָגט:

— טרעפט, קינדער, וואָס איך האָב אייך געבראַכט? איי אַ שיינע זאַך!...

און די קינדער זיצען שוין מיט אָפענע מיילער און ברייט צע־עפענטע אויגען און זיי וואַרטען אויפ'ן טאַטענס מתנה. און דער טאַטע נעמט פאַמעליך אַרויס דאָס פאַרראָסטע שרייפעלע מיט'ן רעדעלע און באַווייזט עס:

— איר זעט, דאָס איז פון אַ וואָגען... פון אַ גרויסען שאַראַבאַן... צוויי שוואַרצע פערד זענען געווען איינגעשפאַנט אין דעם שאַראַבאַן און אַז זיי פלעגען לויפען האָט די ערד געציטערט אונטער זיי. איי, איז דאָס געווען אַ פאָר פערד... די הויט האָט אויף זיי געברענט. פון די נאָזלעכער האָט אַ ווינט געבלאָזען...

פאַרגאַפטע זענען די קינדער געזעסען און געקוקט אויפ'ן קליינעם שרייפעלע און זיך פאָרגעשטעלט דעם שאַראַבאַן מיט די פערד. אפילו דעם ווינט פון די פערדס נאָז־לעכער האָבען זיי געזען. און זיי האָבען געפילט ווי די ערד ציטערט אונטער די פערדס טריט. און דאָס קליינע שרייפעלע האַלט נאָך דער טאַטע אין זיינע הענט, דרייט עס פאַר די קינדערס אויגען און לאַכט.

— און איצט, קינדער, לאָמיר זען ווער סע וועט גיכער אריינ־דרייען דאָס שרייפעלע אין רעדעלע, — זאָגט דער טאַטע און דער־לאַנגט עס בערעלען.

צווישען די קינדער ווערט אַ טומעל, זיי נעמען זיך דרייען דאָס שרייפעלע, וועטען זיך און סע איז זיי פריילאַכער פון אַנדערע קינדער, וועלכע האָבען שפּילעכלאַך פאַר גרויס געלט. זיי שפּילען זיך אַזוי אָפּ ביז שפּעט אין דער נאַכט ווען זיי לייגען זיך שלאָפען.

אָבער בערעלע, וועלכער איז געווען דאָס עלטסטע קינד, האָט שוין פאַרשטאַנען אַז דער טאַטע אַרבייט שווער און ער האָט אַלע־מאָל געטראַכט ווי אַזוי צו מאַכען אַז דער טאַטע זאָל ניט אַזוי שווער דאַרפען אַרבייטען. ער שטייט אויף פאַרטאָג, דער טאַטע און גייט אַוועק ערגעץ און אַהיים קומט ער ערשט ווען סע איז שוין פינסטער און ער קוקט אויס פאַרפינסטערט, אויסגעמאַטערט.

געהערט האָט בערעלע דער-
ציילען וועגן שרעטעלען. די
קינדער האָבען אים דערציילט
אַז שרעטעלע איז אַ קליין מענ-
שעלע, מיט אַ צילינדער הוט,
מיט רויטע הויזען און פיינע
גלאַנצעדיגע שטיוועלאַך. ער
רייכערט שטענדיג אַ סיגאַר און
זיצט אויף אַן אָפּגעהאַקטען
שטאַם פון אַן אַלטען בוים. און
אַז שרעטעלע לייגט זיך אַוועק
אונטער דער שוועל פון אַ הויז,
ווערט אין יענעם הויז ליכטיג
און וואַרים און דימענטען, ברי-
ליאַנטען און רענדלאַך שיטען
זיך דאָרט פון זעק גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט.

און בערעלע האָט אַליין געטראַכט וואו צו כאַפּען שרעטעלען און אַוועקלייגען אים אונטער דער שוועל פון זייער הויז. ער וויל ניט אַז די דימענטען, בריליאַנטען און רענדלאַך זאָלען זיך שיטען טאָג ווי נאַכט. ניין, איין זאַך וויל ער נאָר. גענוג פאַר'ן טאַטען איין זאַך, וועט ער שוין ניט אַרבעטען אַזוי שווער און אַלע קינדער וועט ער קויפען נייע גאַרניטערלאַך און היטעלאַך און שיכע-לאַך. אָבער ווי קריגט מען שרעטעלען?

און בערעלע האָט אַלע מאָל געזוכט אונטער דער שוועל פון זיין שטיבעלע, אפשר ליגט דאָרט שרעטעלע באַהאַלטען. איינמאָל האָט בערעלע, ווי געוויינטלאַך, געזוכט אונטער דער שוועל פון זיין שטיבעלע און ער האָט פּלוצלינג דערזען ווי שרעטעלע שטייט פון ווייטען און קוקט אויף אים און שמייכעלט. ער רייכערט אַ סיגאַר און די קנוילען רויך דרייען זיך פאַר בערעלעס אויגען. די קנוילען דרייען זיך און דרייען זיך פאַר בערעלעס אויגען און עפּעס ווערט אים אַזוי גוט אויפ'ן האַרצען, אַך, ווי גוט, ווי גוט סע ווערט. דער בלויער רויך עפענט פאַר אים אַזעלכע ווייטע, ברייטע פעלדער,

גרויסע שאַראַבאַנען מיט ברענענדיגע פערד יאָגען זיך אויף זיי און די ערד ציטערט, ציטערט...

און שרעטעלע קומט צו צו בערעלען און זאָגט אים:

— האָסט מיך גערופען, בין איך געקומען... איך האָב געבראַכט דיר נאָר איין זאַק מיט דימענטען, בריליאַנטען און רענדלאַך, אָבער סע וועט זיין גענוג פאַר דיין טאַטען...



— פאַרוואָס ביסטו, שרעטעלע, געקומען אַזוי שפּעט? איך האָב דיך אַזוי לאַנג גערופען...

— אָ, בערעלע, שרעטעלע איז געווען פאַרנומען. אַ סך אַזעלכע קינדער ווי דו זענען פאַראַן... דו ביסט ניט דער איינציגער. אָבער איצטער דאַרפען מיר אַוועקגיין אויף אַ באַהאַלטען פּלאַץ און איך וועל דיר אויסשיטען די רענדלאַך פון'ם זאַק...

— פאַרוואָס ניט דאָ? — פרעגט בערעלע און דאָס האַרץ ציטערט אים.

— דערפאַר, בערעלע, וואָס קיינער טאָר ניט זען, וואָרים ווען אַן אַנדערער וועט זען, וועט דאָס זעקעל מיט די רענדלאַך פאַרשווינדען...

בערעלע האָט זיך אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ און אויסגעשריען:

— אָ, איך בין געפאַלען אויף אַ שכל... מיר וועלען זיך באַהאַלטען אונטער'ן טיש...

און זיי האָבען זיך ביידע פאַרקליבען אונטער'ן טיש און שרעטעלע האָט אויפגעעפענט דעם זאַק און די רענדלאַך האָבען זיך גענומען שיטען און שיטען. ברענענדיגע, פייעריגע רענדלאַך. און אונטערן טיש וואַקסט אויס אַ באַרג, אַ גאַנצער באַרג מיט רענדלאַך.

נאָר אינמיטען דערינען איז צוגעקומען לאה'לע, בערעלעס שוועסטערל און אַ פּאַטש געטון מיט די הענטלאַך:

— אָ, אַזוי פיל רענדלאַך...

און אין איין אויגענבליק איז שרעטעלע פאַרשוואונדען מיט'ן זאַק רענדלאַך. בערעלע איז ווידער געזעסען פאַר דער שוועל און לעבען אים איז געשטאַנען לאה'לע. בערעלע איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי:

— אַוועק, לאה'לע, דו האָסט קאַליע געמאַכט אינגאַנצען...

— וואָס רעדסטו בערעלע? — האָט לאה'לע ניט פאַרשטאַנען.

— ווען דו קומסט ניט אָן, וואָלט שרעטעלע ניט אַנטלאָפען מיט'ן זאַק רענדלאַך... טאַטע וואָלט מער ניט געדאַרפט אַרבייטען אַזוי שווער...

אָבער לאה'לע האָט אַלץ גאָרניט פאַרשטאַנען, וואָרים זי האָט שרעטעלע'ן ניט געזען און קיין רענדלאַך האָט זי אויך ניט געזען...

# די קליינע שיך־פוצער

עס איז געווען אַ ווארימער טאָג. כאָטש עס איז געווען אינ־מיטען ווינטער, האָט דאָך געבלאָזען אַ לינד ווינטעל און די זון האָט געוואַרימט ווי אין אַן אָנהייב פרילינגס־טאָג. די קינדער האָבען זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסען אָן די שווערע אויבערקליידער, וואָרים אַז עס איז ווארים, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבען, פאַרקילען קען מען זיך ניט אין אַזאַ טאָג.

יאַנקעלע איז געגאַנגען אויף אָרטשאַרד סטריט מיט׳ן קעסטעלע אונטער׳ן אָרים און ער האָט זיך אונטערגעזונגען. גוט איז אים געווען אָט דעם קליינעם יאַנקעלע דעם שיך־פּוצער, ווייל אַז עס איז וואַרים און שיין אין דרויסען, פּוצען זיך מענשען די שיך און ער מאַכט מער געלט.

אויפ׳ן ראָג פון אַ גאַס איז אים אָנגעקומען אַנטקעגען זיינער אַ חבר, דייווי, אויך אַ שיך־פּוצער.

— העלאָ, יאַנקעלע, — האָט דייווי אויסגעשריען, — האָסט שוין היינט געפּוצט שיך? אָ, איך האָב שוין געמאַכט מער ווי אַ האַלבען דאָלאַר.

— אַזוי, — האָט יאַנקעלע אים איבערגעקרימט, — אַ גרויסע זאַך אַ האַלבער דאָלאַר, באַ מיר אין קעשענע קלינגט שוין באַלד אַ גאַנצער דאָלאַר, דו הערסט?

ביידע חברים האָבען זיך געלאָזט איבער דער גאַס מיט פריילאַכע הערצער אי פון׳ם שיינעם טאָג, אי פון די גרויסע פאַרדינסטען, וואָס זיי האָבען היינט געמאַכט. לעבען אַ הויז מיט אַ הויך בריקעל האָבען זיך ביידע קינדער אָפּגעשטעלט און יאַנקעלע האָט געזאָגט:

— ווייסטו וואָס, דייווי, לאָמיר זיך בייטען, איך וועל דיר אָפּפּוצען דיינע שיך און דו וועסט מיר אָפּפּוצען מיינע שיך...

— אזוי, — האָט שוין איצט דייווי איבערגעקרימט יאַנקעלען, — מער פעלט דיר ניט ווי געפוצטע שיך. האָב פריהער גאַנצע שיך...

— צעריסענע שיך, אַז מען פוצט זיי אָפּ, קוקן זיי אויס ווי גאַנצע.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט? קיין לעבער קען מען מיט קיין פוץ ניט פאַרלייגען. פוץ זיי היינט, פוץ זיי מאָרגען, וועלן זיי בלייבן צעריסען...

אָבער יאַנקעלע האָט זיך גענומען בעטן באַ דייווי׳ן.

— וואָס אַרט דיך? סיי ווי סיי זענען איצט נישטאָ קיין מענשען וועמען צו פוצן די שיך, וועלן מיר דערווייל אַריינכאַפּן...

— גוט, אָבער דו וועסט מיר פריהער אָפּפוצן מיינע שיך...



דייווי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן בריקעל פונ׳ם הויז און יאַנקעלע האָט אים גענומען פוצן די צעריסענע שיך זיינע. אים האָט זייער געפרייט צו פוצן די שיך באַ אַן אייגענעם חבר, אַזאַ אינגעלע ווי ער און ער האָט זיך דאָרום געפלייסט, אַז דער גלאַנץ אויף די שיך זאָל זיין אַ שפּיגעלדיגער און אַז די שיך זאָלן אויס־קוקן ווי נייע.

און אַז יאַנקעלע האָט אָפּגעפוצט דייווי׳ס שיך, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף דעם זעלבען בריקעל און דייווי האָט גענומען פוצן זיינע שיך. דייווי האָט זיך אויך געפלייסט, וואָרים ער האָט

אויך געוואָלט, ווי יאַנקעלע, אַז זיין חבר'ס שיך זאָלן גלאַנצען ווי אַ שפּיגעל. אָבער ווען דייווי האָט געהאַט אָפּגעפּוצט ערשט איין שוך בא יאַנקעלען און האָט זיך געוואָלט נעמען צום צווייטען, איז אָנגעקומען אַן אַלטער איד, אַ הויכער, מיט אַ גרויער באָרד און אַ גראָבען שטעקען און געזאָגט:

— זע נאָר אַביסעל, די שיך פּוצט ער אים... קום גיכער, אינגעלע, פּוץ מיר אָפּ מיינע שיך, איך האָב קיין צייט ניט צו וואַרטען.

און אַז דייווי האָט דערזען דעם אידען, האָט ער באַלד אַוועקגעוואָרפען יאַנקעלע'ס שוך און איז צוגעשפּרונגען צו יענעם און גענומען פּוצען זיינע שיך. יאַנקעלע איז געבליבען שטיין אַ צעטומעלטער. ער האָט ניט פאַרשטאַנען באַלד וואָס אַזוינס האָט געטראָפען, אָבער אַז ער האָט געזען ווי דייווי איז שוין פאַרנומען מיט'ן אַלטען אידענס שיך, האָט זיך אים עפּעס אָפּגעריסען אין האַרץ. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיינע שיך און געזען, ווי איינער גלאַנצט אַזוי פיין און דער צווייטער איז פאַרשמוצט, האָבען זיך טרערען גענומען גיסען פון זיינע אויגען.

— ביסט אַ שלעכטער, דייווי, איך האָב דיר אָפּגעפּוצט די שיך און דו מיר ניט. וועסט מיך האָבען צו געדיינקען...

דייווי האָט אויפגעהויבען די אויגען פון'ס קעסטעלע און האָט געזען ווי פון יאַנקעלע'ס אויגען רינען טרערען, האָט ער זיך צעלאַכט:

— ביסט דאָך אַ נאַר, יאַנקעלע, אָט וועל איך ענדיגען, וועל איך דיר אָפּפּוצען דעם צווייטען שוך דיינעם... וואָס איז דאָ וואָס צו וויינען.

יאַנקעלע'ס געזיכט האָט צוריק אויפגעשטראַלט.

דייווי האָט שוין געענדיגט פּוצען דעם אידענס שיך, דעם ניקעל האָט ער שוין אַריינגעוואָרפן אין קעשענע און מיט אַ פריילאַך געשריי זיך אויסגעדרייט צו יאַנקעלען:

— נו, אַצינד שטעל זיך אַוועק, וועל איך דיר אָפּפּוצען דעם צווייטען שוך דיינעם...

דערנאָך האָבען ביידע קינדער גענומען די קעסטעלאַך אונטער די אָרעמס און זיך געלאָזט איבער דער גאַס, שמועסענדיג צווישען זיך וועגען דעם אַז סע איז גוט צו האָבען גאַנצע שיך און שיינע קליידער.

אַזוי ווי די קינדער זענען געגאַנגען, פאַרטיפט אין זייער שמועס, איז זיי אַנטקעגען געקומען בעסי, אַ מיידעלע מיט אַ פאַרריסען נעזועלע, זי האָט געקענט יאַנקעלען, ווייל זיי האָבען געוואוינט אין איין בלאָק, איז זי צוגעשפּרונגען און מיט אַ שטעקעלע אַ קלאַפּ געטון אין זיין קעסטעלע. יאַנקעלע האָט זיך דערשראָקען, אָבער אַז ער האָט דערזען בעסי'ן ווי זי האָט געשמייכעלט און דאָס נעזועל אירס האָט זיך נאָכמער פאַרריסען פון דעם, האָט ער זיך צעלאַכט:

— בעסי, אַ, בעסי! דאָס איז דאָך דייווי, מיין חבר דייווי...

און אַלע דריי קינדער האָבען זיך צוגעשאַרט צו אַ הויז וואו קיין פּושקאַרטס זענען נישט געשטאַנען און זיי האָבען זיך אַוועק-

געזעצט אויפ'ן בריקעל. דערווייל האָט דייווי דערזען בעסי'ס שיך אַז זיי זענען פאַרשטויבט, האָט ער זיך אָנגערופען:

— איך וועל דיר אָפּפּוצען די שיך...

— וואָס עפּעס דו? איך קען בעסי'ן פאַר דיר...

— אַזוי, ווייל איך האָב געזאָגט דער ערשטער.

— און אַז דער ערשטער איז וואָס?

די קינדער האָבען זיך שיעור ניט צעשלאָגען איבער בעסי'ן, אָבער זי איז געפאַלען אויף אַ שכל און מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס? איר וועט מירביידע אָפּפּוצען די שיך. דו, יאַנקעלע, איינעם און דייווי איינעם...

בעסי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּעל און ביידע קינדער האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און גענומען פּוצען אירע שיך.

און דערנאָך זענען אַלע דריי פריילאַכע און אויפגעלעבטע געגאַנגען אויף דער גאַס און געזונגען און אונטערגעטאַנצט.



# פוסי׳ס ערשטער ארויספאָר איבער דער וועלט

אַמאָל האָט אין אַ ווייטען קעניגרייך געלעבט אַ שוואַרצער קאָטער מיט זיין קאַץ קאַטערינאַ. זיי האָבען געהאַט אַ קליין קעצעלע, אַ שוואַרץ מיט ווייסע פלעקען.

אין איינעם אַ טאָג האָט דאָס קליינע קעצעלע געזאָגט צו דער מאַמען:

— מאַמע, איך וועל אַביסעל אַרויסגיין אָנקוקען די וועלט. איך בין שוין מיד צו שפּילען זיך מיט די שאָקלאַד-מייזלאַך, אין אונזער גאָרטען.

האָט די מוטער-קאַץ אָנגעמאַכט אַ געוואַלד.

— מיאַ־או, מיאַ-או! איך וועל דיך ניט לאָזען, דו ביסט נאָך קליין און שוואַך, דו ביסט נאָך גאָר אַ קינד, קעצעלע מיינס.



אָבער דאָס קעצעלע האָט זיך איינגעשפּאַרט און די מאַמע האָט גערופען דעם פאָטער-קאָטער, דעם שוואַרצען און דעם פלינקען און אים דערציילט אַז קעצעלע פוסי וויל אַליין אַוועקגיין איבער דער וועלט.

דער פּאָטער־קאָטער האָט אַ שמייכל געטון אין זיינע שוואַרצע שטעכעדיגע וואָנסען און אַרויסגעמיאַאוקעט:

— אַזוי, וויל שוין אונזער קאָטערל, אונזער פּוסי'לע אַרויסגיין אויף דער וועלט? וואָס וועסטו דאָרטען טון, פּוסי'לע מיין זון?

— אַ, פּאָטער־קאָטער, איך וויל אַרויסגיין פון יענער זייט וואַנט און זען די ליכטיגע וועלט. איך האָב זיך די גאַנצע צייט געשפּילט מיט מייז, געמאַכט פון שאָקאָלאַד און איצט וויל איך זיך יאָגן נאָך לעבעדיגע מייז.

— גוט, גוט, פּוסי'לע, גיי און האָב גליק... איך האָב דיך געלערנט זיין מוטיג, דו האָסט באַ מיר איבערגענומען מיין קאָטערשע פלינקייט און כיטרעקייט, לאָמיר זען וואָס דו קענסט...

מיט אַ גליקלאַך הארץ איז פּוסי אַרויסגעלאָפען פון'ם גאָרטען און זיך געלאָזט איבער די וועגען אין דער ברייטער, וועלט אַריין. דער וועג איז געוועזן שטויביג אָבער פּוסי'ן האָט דאָס ניט געאַרט, ער איז ווייטער געשפּרונגען.

— העי־העי! — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, — איצט וועל איך געפינען אמת'ע מייז, לעבעדיגע, צאַפּעלדיגע.

אַ שיין געל פייגעלע, וואָס איז געזעסען אויף אַ בוים, האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען וועגען די שאָקאָלאַד מייזלאַך אין פּאָטערס גאָרטען. פּוסי האָט זיך פאַרביינקט אַ היים און ער האָט זיך שוין געוואָלט אומקערען. אָבער באַלד האָט ער זיך באַרעכענט, אַז סע פּאַסט ניט פאַר אים, דעם אַלטען פּאָטער־קאָטערס פּוסי, צו ביינקען אַ היים און ער איז ווייטער געגאַנגען אויפ'ן שטויביגען וועג.

ווייטער אויפ'ן וועג האָט פּוסי באַגעגענט אַ פיין אַשיג פערד.

— וואָס מאַכסטו, פּוסי? — האָט דאָס פערד זיך אָנגערופען, — אַזאַ ווי דו איז געוועזן באַ מיין באַלאַבאָס און איך האָב עס געפירט אַמאָל עטליכע מייל. אַי האָט זיך עס געפרייט...

— זאָג מיר בעסער, פערד פלאַפּלער, — האָט פּוסי געזאָגט, — ווייסטו ניט ציי סע זענען דאָ באַ דיר אין רויטען שייער אַ סך מייז?

— ניין, פּוסי, מיין באַלאַבאָס האָט אַ קאַץ און זי האָט שוין אַלע מייז אויפגעפרעסען.

— נו, אַ גוטען טאָג...

ווייטער און ווייטער איז פוסי געגאַנגען. און באַגעגנט האָט ער אַן אַלטע פרוי מיט אַ קיישעל אויף די הענט.

— זאָג מיר נאָר, גוטע אַלטיטשקע ווייסטו ניט וואו איך קען געפינען אַ שייער מיט מייז?

— ניין, פוסי, איך ווייס ניט, זעסט איך טראָג אַ קיישעל? דאָ ליגט אַן אַלטע קאַץ, זי האָט באַ מיר אין הויז אַלע מייז אויסגערוימט, דערנאָך האָט זי זיך גענומען צו דער פוטער. טראָג איך זי איצטער אַוועק און איך וועל זי איין טייך אַריינוואַרפען...

האָט זיך פוסי דערשראָקען, וואָרום ער האָט ניט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכען און ער האָט זיך געלאָזט לויפען איבער'ן וועג אַף אַן אָטעם. לויפט ער אַזוי און לויפט ביז ער קומט צו אַ גרויסען שייער, וועלכער איז געווען אויסגעבויט פון רויטע ציגעל. פאַר'ן שייער איז געזעסען אַ מאַן, אַן אַלטער, אַ גרויער, מיט גוטע אויגען. האָט זיך פוסי צו אים אָנגערופען:

— גוטער מאַן, קענסטו מיר ניט זאָגען צו איז דאָ אין דיין רויטען שייער מייז, אמת'ע לעבעדיגע מייז? באַ מיר אין דער היים האָט מיך מיין פאָטער-קאָטער געלערנט כאַפּען קליינע מייזלאַך, געמאַכט פון שאָקאָלאַד און איך וויל זיין אַן אמת'ער קאָטער, ווי עס פאַסט פאַר מיין משפחה די קאָטערס די שוואַרצע און די קעץ די ווייסע... ווייז מיר, גוטער אַלטער, וואו איך קען געפינען אמת'ע מייז.

— אָ, פוסילע, — האָט דער אַלטער געענטפערט, — איך זוך טאַקע אַ קעצעלע, וואָס זאָל מיינע מייז פאַרטרייבען. אָבער דו ביסט צו קליין, פאַר דיר וועלען מיינע מייז קיין מורא ניט האָבען...

האָט זיך פוסי באַליידיגט און אויפשטעלענדיג זיך אויף די הינטערשטע פיסלאַך, האָט ער געזאָגט:

— אָ, דו אַלטער, פאַרגעסט, ווייזט אויס, אַז איך קום אַרויס פון די שטאַרקסטע קאָטערס אין אונזער קעניגרייך? מיין פאָטער־קאָטער האָט אַלע מייז פון אונזער קעניגרייך פאַריאָגט און מיין מאַמע קאַץ איז פלינקער פונ׳ם טיגער וואָס וואוינט אין וואַלד פון מיליאָן ביימער...

— נו, וועלען מיר זען ווי דו וועסט זיך ספראַווען מיט מיינע מייז.



און דער אַלטער האָט געעפענט די טירען פונ׳ם שייער. מיט איין שפרונג איז פוסי געווען אינווייניג. די טירען האָבען זיך צוריק פאַרמאַכט און פוסי איז געבליבען אַליין אינ׳ם גרויסען פינסטערען שייער. בערג מיט ווייץ זענען געווען אָנגעלייגט אין שייער. זעק מיט גערשטען, האָבער און רייז זענען געווען צעשטעלט אין שייער. און פינסטער איז געווען, וואָרים נאָר אַ קליין פענסטערל האָט פון דער הויך, פון אונטער דער סטעליע אריינגעלאָזט אַביסעל שיין.

באַ פוסי׳ן האָט דאָס האַרץ געקלאַפט. אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און ער האָט גענומען שפרינגען איבער די זעק און די בערג מיט ווייץ. פלוצלינג — שאַ, עפעס הערט פוסי ווי אַ מייזעלע דראַפעט זיך... פוסי האָט זיך אויסגעצויגען און האָט פאַרמאַכט די אויגען. ער איז טויט. און דאָס מייזעלע האָט זיך ווייטער געשארט

אויף אַ זאַק. מיט איין שפּרונג איז פּוסי געווען אויפ׳ן זאַק און ער האָט געמיינט אַז ער האָט שוין דאָס מייזעלע, אָבער דאָס גרויזע היה׳לע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע לאַפּקעלאַך און איז פאַרשוואונדען...

— נו, דאָס ערשטע מאָל, — האָט זיך פּוסי געטראַכט, — ווייטער וועל איך שוין כאַפּען...

אַזוי איז פּוסי געלעגען און געוואַרט אויף אַ ניי מייזעלע. נאָר פּלוצלינג האָט זיך באַוויזען אַ גרויסע מויז, אַ גרעסערע נאָך ווי פּוסי איז געווען. באַם קאָטערל האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען די לאַפּקעלאַך און די גאַנצע פעל. און די מויז (אָ, ווי גרויס זי איז געווען!...) איז געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער ביז זי איז צוגע־קומען צו פּוסי׳ן.

און אַז פּוסי האָט דערזען לעבען זיך די גרויסע מויז, האָט ער זיך געגעבען אַ כאַפּ אויף און — פּאַטיוג — געלאָזט זיך לויפען. און די מויז נאָך אים. אָבער וואו אַנטלויפט מען אַז די טירען זענען פאַרשלאָסען? דאַ האָט פּוסי דערזען דאָס קליינע פענסטערל אונטער דער סטעליע און ער האָט זיך גענומען דראַפּען אויף דער גלייכער וואַנט. די ווייכע נעגעל פון׳ם יונגען קאָטערל האָבען זיך געבראָכען, דאָס האַרץ האָט באַ אים געפּלאַטערט און געציטערט... נאָר אָט איז ער שוין אויבען און די זון בלענדט אים שוין די אויגען.

— נו, אַ שווערע אַרבייט געהאַט, — האָט פּוסי געזאָגט צו זיך אַליין — קוים מיט׳ן לעבען אַרויס...

און ער איז אַרונטערגעשפּרונגען אין דרויסען און זיך געלאָזט לויפען מיט׳ן וועג דעם שטויביגען, אַהיים צו זיין פאָטער־קאָטער אין גאָרטען...

# די שוואַרצע קאַץ

ווינטער פראָסט האָט דעם טייך מיט אייז פאַרשמידט. שטיל איז דאָס וואַסער אונטער דער בלוי-גרינער אייזיגער קאָלדרע געשלאָפען. און פון אויבען נאָך אַ קאָלדרע, אַ ווייסע, אַ שנייאיגע. און די וואַסערמיל, וואָס איז באַם ברעג טייך געשטאַנען, איז אויך געשלאָפען. ווארים אַז דאָס וואַסער האָט ניט געשטראָמט, האָט עס דאָס ראָד ניט געטריבען, האָבען זיך די מילשטיינער ניט געדרייט.

איז דער מאַרץ ווינט געקומען און האָט די שווערע וואָלקענס פון הימעל צעטריבען און פאַר דער זון אַ פּלאַץ געמאַכט, זי זאָל קומען און די וועלט דערוואַרמען. האָט זיך פרילינגס זון לאַנג ניט געלאָזט בעטען און איז געקומען, א יונגע, אַ שמייכלענדיגע. און אַז זי האָט צוויי טעג אויף דער שניי-קאָלדרע געשמייכעלט, האָט דער שניי אָנגעפאַנגען ווייך צו ווערען, איז ער שוואַרץ געוואָרען. איין טאָג און צוויי און ער איז צעגאַנגען און טייכלאַך האָבען אָנגעהויבען צו רינען.

און אַז די זון איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער שניי-קאָלדרע, האָט זי זיך גענומען צו דער בלוי-גרינער אייזיגער קאָלדרע. אונטען האָבען זיך שוין די כוואַליעס געריסען, געוואָלט אויף דער פריי אַרויסקומען. איין טאָג און נאָך צוויי טעג און דער טייך האָט אָנגעפאַנגען צו שטראָמען. שטיקער אייז האָט ער מיט זיך מיטגעשלעפּט און זיי פאַרטראָגען ערגעץ ווייט. פריילאַך האָט זיך דער שטראָם געצויגען.

און אַז עס איז געקומען שוין אינגאַנצען אַ וואַרימער טאָג, איז די קאַץ די שוואַרצע פונ׳ם הויז אַרויס און האָט זיך אויפ׳ן ראָד פון דער וואַסער-מיל אַוועקגעזעצט און האָט זיך אויף דער זון געוואַרעמט. מיט׳ן צינגעל דעם רויטען האָט זי זיך די פעל געוואַשען, ווארים זי האָט געוואָלט זיין ריין און אָפּגעוואַשען פאַר׳ן פרילינג דעם ליכטיגען און וואַרעמען.

דערווייל האָט דער שטראָם דאָס אייז אַרום ראָד אונטערגעוואַשען, די כוואַליעס האָבען זיך פריילאַך צוגעשפּאַרט און מיט אַ בוים האָבען זיי עס גענומען דרייען גיך און געשווינד.

און די קאַץ די שוואַרצע מיט'ן צינגעל דעם רויטען אַרויס־געשטעקט איז אין וואַסער אַריינגעפאַלען. אין קאַלטען שטראָם זיך אָפּגעבאָדען און אויף אַ שטיק אייז זיך אַרויפגעכאַפּט.

שווימט אַזוי די קאַץ אויפ'ן טייך אַ טאָג נאָך אַ טאָג און קען צו קיין ברעג ניט קומען. באַטאָג איז וואַרעם, באַנאַכט איז קאַלט און עסען איז נישטאָ וואָס. באַנאַכט ווערט זי צום אייז צוגעפרוירען און באַטאָג רייסט זי זיך אָפּ פונ'ם אייז.

אויפ'ן דריטען טאָג איז זי אין אַ פרעמד לאַנד געקומען. דאָס שטיק אייז האָט זיך אָן אַ וואַנט אָנגעשלאָגען און איז געבליבען שטיין. ניט ווייט פון אַ ברעג איז עס געווען. און אויפ'ן ברעג איז אַ פויער געשטאַנען. אין גרויסע שטיוועל און רויטע הויזען. ער האָט אַ נעץ געפלאָכטען אין טייך אַראָפּצולאָזען, פיש צו כאַפּען. און אַז די קאַץ האָט דעם פויער דערזען, האָט זי אויסגעשריען:

— קום מיט דיינע גרויסע שטיוועל און נעם מיך פון אייז אַראָפּ.

— פון וואַנעט קומסטו, קעצעלע שוואַרצס?

— פון אַ לאַנד וואָס ליגט פון דאַנעט ווייט, דריי טעג און דריי נעכט מיט'ן טייך צו שווימען, הונגעריג בין איך און קאַלט איז מיר.

—גוט, קעצעלע, איך וועל פריער מיין נעץ אין טייך אַראָפּ־לאָזען און דערנאָך וועל איך דיך אַראָפּנעמען. איך דאַרף האָבען אַ הונגעריגע קאַץ. מיינע קעץ זענען זאַט, פוילען זיי זיך מייז צו כאַפּען און די מייז גריזשען באַ מיין אַלטער דאָס ברויט.

די נעץ אין טייך אַראָפּגעלאָזט, אַ שיפעל אָפּגעבונדען און

צו דער קאַץ צוגעשוואומען. אונטער'ן פּעלצעל האָט ער זי גענומען, כּע זאָל איר וואַרעמער זיין. און אַז זיי זענען צום ברעג געקומען, האָט ער זי אין הויז אַוועקגעטראָגען צו דער אַלטער.

— נאַ, אַלטינקע מיינע, אַ הונגעריג קעצעלע דיר געבראַכט, אַלע מייז וועט זי דיר אויסכאַפּען, וועלען זיי דיר דאָס ברויט ניט גריזשען.

און אונזער קאַץ די שוואַרצע האָט זיך אין אַ ווינקעל אַוועקגעזעצט און איז אַנשלאָפען געוואָרען. איז שוין געווען באַנאַכט און אַלע אין הויז זענען געשלאָפען. האָט זי זיך די ביינער אויסגעגלייכט, זיך אויסגעצויגען און דערפילט דעם הונגער.

— דאַרף מען זיך, הייסט עס, נעמען צו דער אַרבייט מייזעלאַך כאַפּען...

גייט אַזוי די קאַץ אַהין און אַהער און זוכט די מייזענלעכער. האָט איר פאַרשמעקט פרישע לעבעדיגע פיש. און אין בויך האָט אַזוי געבורטשעט ווי עמיצער וואָלט דאָרט געזעסען און געברומט „עסען... עסען...“

ניט לאַנג געטראַכט און זיך צוגעכאַפּט צו דער מולטער מיט די לעבעדיגע פיש. איינס און צוויי, זיך גוט אָנגעגעסען און זיך געלייגט שלאָפען. אַך, ווי געשמאַק עס איז זיך געשלאָפען זאַטערהייט!

אינדערפרי איז דער פויער מיט דער פויערטע אויפגעשטאַנען.

— נו, קעצעלע מיינס, עפּעס אַ סך מייזעלאַך געכאַפּט?

און די קאַץ די שוואַרצע ענטפערט ניט. די אויגען קלעפּען זיך איר, זי וויל ווייטער שלאָפען. פון קיך איז די פויערטע געקומען צולויפען מיט אַ געשריי און אַ געפילדער:

— וואָס זאָגסטו אויף דעם? די קאַץ האָט דאָך אַלע פיש אויפגעגעסען. די קעפּ וואַלגערען זיך בּאַ דער מולטער...

האָט דער פויער געכאַפּט אַ שטעקען און האָט די קאַץ פאַרטריבען.

— קיין קעץ נאַשערינס דאַרף איך ניט... האָסט זיך געפוילט מייז צו כאַפּען, וועסטו איצט הונגערען...

# אין א חנוכה נאַכט

אַז ס'איז געקומען דער ערשטער אויפדערנאַכט פון חנוכה, האָט דער זיידע צוגערופען ביילקעלען מיט שעפּסעלען און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— איר ווייסט, אייניקלאַך מיינע, היינט הייבט זיך אָן דער שיינער יום טוב חנוכה. באַלד וועט איר זען ווי איך וועל בענטשען חנוכה-ליכטלאַך און דערנאָך וועל איך אייך געבען אַ שיינע זאַך. איר וועט זיך שפּילען און עס וועט אייך זיין שוין איינמאָל פריילאַך.

— פאַרוואָס איז חנוכה? — האָט ביילקעלע געפרעגט.

— טאַקע, זיידע, פאַרוואָס חנוכה? — האָט שעפּסעלע אונטער-געכאַפּט.

דער זיידע האָט זיך אויסגעהוסט, האָט אַרויפגערוקט די ברילען הויך אויפ'ן שטערען און גענומען דערציילען די קינדער וועגען חנוכה.

— אַמאָל האָבען אַלע אידען געלעבט אין ארץ ישראל. זיי האָבען געהאַט אייגענע פעלדער, וויינגערטנער און אָליווען-גערטנער. ארץ ישראל, דאָס אַמאָליג אידיש לאַנד, האָט בלויע בערג און גרינע טאָלען. ירושלים איז געווען די קרוינשטאָט פונ'ם אידישען לאַנד און פאַרמאָגט האָט די שטאָט וואונדערבאַרע הייזער, באַפּוצטע מיט שניצערייען און מיט סטאַטועך.

— און געווען איז אויך אין ירושלים אַ גרויסער טעמפּעל, וואָס האָט געהייסען בית המקדש, אָדער דאָס הייליגע הויז. די ווענט אין דעם בית המקדש זענען געווען באַשלאָגען מיט גינגאָלד און באַצירט מיט טייערע דימענטען. אין איינער פון די ווענט איז געווען אַזאַ קליין אייוועלע און אין דעם אייוועלע האָט געברענט אַ קליין לעמפּעל. קיינמאָל האָט מען דאָס לעמפּעל ניט פאַרלאָשען און גערופען האָט מען עס נר-תמיד, דאָס אייביגע ליכט, וואָרים עס האָט אייביג גע-ברענט, טאָג און נאַכט, טאָג נאָך טאָג.

— נאָר איינמאָל זענען געקומען די פיינט פון אידישען פאָלק און האָבען צוגענומען די שיינע קרוינשטאָט ירושלים און האָבען

זיך אויך אַריינגעריסען אין דעם הייליגען הויז, אין בית המקדש. אַלע אידען האָבען געוויינט אויפ'ן בראָך, וואָרים די אידען האָט ווי געטון דאָס האַרץ אויף זייער שיין לאַנד, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון די פיינט פונ'ם אידישען פאָלק.

אין הויז איז געוועזן פינסטערלאַך, וואָרים די נאַכט האָט זיך שוין אַריינגעקליבען אַהער און דער זיידע האָט איבערגעהאַקט זיין מעשה'לע.

— מיר וועלען אָנצינדען די עלעקטריק, אייניקלאַך מיינע, און דערנאָך וועל איך ווייטער דערציילען וועגען די אידישע גבורים, וואָס האָבען פאַרטריבען דעם שונא פון ארץ ישראל.

אין הויז איז געוואָרען ליכטיג. דער זיידע האָט זיך אַוועקגעזעצט אין ווייכען פאָטער-שטול אוןביילקעלע מיט שעפּסעלען האָבען זיך אַוועקגעשטעלט פון ביידע זייטען. זיי האָבען שטאַרק געוואָלט הערען וואָס ס'האָט ווייטער געטראָפען און זיי האָבען דערפאַר געשוויגען.

— יאָ, מיינע אייניקלאַך, — האָט דער זיידע אָנגעפאַנגען, — דאָס איז געווען אַ שלעכטע צייט פאַר'ן אידישען פאָלק. דער פיינט

האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט און קיינער האָט זיך אים ניט געשטעלט אַנטקעגען.

— און וואָס איז געוואָרען מיט'ן נר־תמיד? — האָט ביילקעלע געפרעגט.

— דעם נר־תמיד האָבען זיי פאַרלאָשען, ביילקעלע, און ניט נאָר דאָס האָבען זיי געטאָן, זיי האָבען נאָך צעבראָכען אַלע פיינע זאַכען פון גאָלד און זילבער, וואָס זענען געווען אינ'ם אידישען הייליגען הויז. זיי האָבען אויך פאַראומווירדיגט אַנדערע הייליגקייטען.

שעפּסעלע איז געוואָרען רויט פאַר כעס, ער האָט פאַרקאַשערט די אַרבעל און געמאַכט „מאָסעלס":

— איך וואָלט זיי געגעבען... — האָט שעפּסעלע געשריען, — כ'וואָלט זיי געמאַכט בלויע אויגען...

— יאָ, שעפּסעלע, ביזט גערעכט. ס'האָבען זיך געפונען אידישע העלדען, וועלכע האָבען זיך אָפּגערעכענט מיט די שונאים און דערפאַר מאַכען מיר דאָך חנוכה. הערט, וועט איר וויסען. ווייט פון ירושלים איז געלעגען אַ קליין אידיש דערפעל, מודיעין האָט עס געהייסען. אין דעם דערפעל האָט געוואוינט אַן אַלטער איד, אַ כהן, מתתיהו מיט זיינע פינף זין. און אַז דער פיינט איז צוגעקומען צו מודיעין, האָט ער דאָס דערפעל איינגענומען און, ווי אומעטום, געטריבען אידיש האָב און גוטס.

דער גענעראַל זייערער האָט געהייסען אויפשטעלען אַ מזבח אינמיטען גאַס, אַ מזבח פאַר'ן גריכישען גאָט. דערנאָך האָט ער געהייסען ברענגען דעם אַלטען מתתיהו און האָט אים באַפוילען ער זאָל ברענגען אַ קרבן פאַר'ן גריכישען גאָט. מתתיהו איז שוין געווען אַלט און שוואַך און די הענט האָבען אים געציטערט פון אַלטקייט.

אָבער ווען ער האָט דערהערט וואָס דער גריכישער גענעראַל וויל פון אים, האָט ער אויסגעגלייכט זיינע אַלטע ביינער, זיין געזיכט האָט זיך אָנגעצונדען פאַר צאָרען, זיינע אויגען זענען געוואָרען ווי צוויי פלאַקערען.

— ניין, — האָט מתתיהו'ס שטים געדונערט, — איך וועל דאָס ניט טון. פאַר דיין גאָט וועט מתתיהו ניט ברענגען קיין קרבן.

און אין דער זייט זענען געשטאַנען מתתיהו'ס פינף זין, אַלע יונגע, שטאַרקע און מיט הערצער, וועלכע האָבען ניט געפאָרכט און

ניט געשראָקען זיך. זיי האָבען זיך אַלע געגרייט איינצושטעלען זיך פאַר זייער אַלטען פאָטער. אָבער דער גענעראַל איז אויך ניט געווען אַליין, וואָרים אַרום אים זענען געווען די גריכישע סאָלדאַטען, באַוואָפענטע פון קאָפּ ביז די פיס.

מיט צאָרן האָט ער ווידער באַפוילען צו ברייננגען אַ קרבן פאַר'ן גריכישען גאָט. און פּלוצלונג האָט דער אַלטער מתתיהו אַרויסגע־כאַפּט אַ מעסער און דערשטאָכען דעם גענעראַל. די גריכישע סאָל־דאַטען האָבען זיך אַ וואָרף געטון צום אַלטען כהן, אָבער די פינף יונגע העלדען האָבען אַרומגערינגעלט זייער פאָטער און קיינער האָט שוין צו אים ניט געקענט צוקומען. אַלע אידישע איינוואוינער פונ'ם דערפעל האָבען זיך אויך געשטעלט געגען די גריכען און כאָטש די גריכען זענען געווען מער ווי די אידען, האָבען דאָך די אידען זיי פאַרטריבען און אַ סך פון זיי געטייט.

ביילקעלע און שעפּסעלע האָבען געטאַנצט פאַר פרייד. סע איז זיי געפעלען געווען וואָס די אידען האָבען זיך אַזוי אָפּגערעכענט מיט זייערע שונאים.

— וואַרט, איר וועט זיך נאָך ווייטער פרייען, — האָט דער זיידע געזאָגט צו די קינדער און געשמייכעלט, — די פינף העלדען האָבען געמאַכט דעם מיטעלסטען ברודער זייערען יהודה פאַר זייער עלטסטען און זיי האָבען צונויפגענומען אַרום זיך 8 טויזענט אַנדערע אידישע העלדען און זיי האָבען אָנגעריכט אַ מלחמה געגען דעם שונא און האָבען אים פאַרטריבען פונ'ם גאַנצען לאַנד.

און אין ירושלים האָבען זיי צוריק געעפענט דאָס הייליגע הויז און אָנגעצונדען דעם נר־תמיד, דאָס אייביגע ליכט, וואָס האָט גע־ברענט אין אַ ווינקעל פון בית־המקדש...

— און איצט, אייניקלאַך, וועל איך בענשען חנוכה־ליכטלאַך און מיר וועלען זיך דערמאָנען אָן יענער צייט און אָן די אידישע העלדען.

דער טאַטע איז נאָר וואָס אַ היים געקומען פון דער אַרבייט און די קינדער זענען אים אַנטקעגען געשפּרונגען מיט אַ פריידיג. געשריי, פּאַטשענדיג אין די הענטלאַך:

— דער זיידע וועט בענשען חנוכה ליכטלאַך... ער'ט אונז גיבען דערנאָך אַ שיינע זאַך... אַיאָ, זיידע, וועסט אונז געבען?

— יאָ, קינדער, איך וועל אײַך גיבען, — האָט דער זיידע גוט געשמייכעלט.

ביילקעלע האָט זיך צעטאַנצט און שעפּסעלע האָט זיך אַרויפגעכאַפּט צום טאַטען אויף די אַקסלען און אים גענומען קושען אין ביידע באַקען, אַזוי פריילאַך איז ער געווען.

— וואָס זענט איר משוגע געוואָרען, קינדער, — האָט די מאַמע געשריען פון דער קיך, — לאָזט אָפּ דעם טאַטען, ער איז הונגעריג.

אָבער די קינדער האָבען דעם טאַטען ניט געוואָלט אָפּלאָזען. שעפּסעלע האָט שוין אַראָפּגעקלעטערט פון'ם טאַטענס אַקסעל און ער מיט ביילקעלען האָבען זיך אָנגענומען ביי די הענט און געטאַנצט אין אַ ראָד אַרום טאַטען. זייערע אייגעלאַך האָבען געברענט, די באַקען געפלאַמט און די פיס האָבען געקלאַפּט צום טאַקט אויפ'ן דיל:

— היינט איז חנוכה... היינט איז חנוכה...

— ווייסט איר כאָטש, קינדער, וואָס איז אַזוינס חנוכה? — האָט דער טאַטע געפרעגט און דערביי האָט ער זיך געוואָלט אַרויסרייסען פון'ם ראָד.

— אָ, מיר ווייסען, — האָט ביילקעלע געענטפערט.

— גוט, קינדער, איך וועל אײַך עפּעס גיבען, אָבער לאָזט מיך גיין עסען פריער.

די קינדער האָבען אָפּגעלאָזט דעם טאַטען און האָבען זיך ווידער גענומען צום זיידען. זיי האָבען געוואָלט ער זאָל שוין בענשען חנוכה ליכטלאַך, וואָרים זיי ווילען שוין וויסען וואָס ער וועט זיי גיבען.

דער זיידע האָט געבראַכט אַ חנוכה לעמפּעל, האָט עס אַוועקגעשטעלט אויפ'ן פענסטער. דערנאָך האָט ער גענומען אַ פאָדעם און געמאַכט עטלאַכע קנייטלאַך, האָט זיי אַריינגעלייגט אין די רערלאַך פון לעמפּעל און אין ערשטען אָנגעגאָסען בוימעל. ביידע קינדער זענען געשטאַנען פאַרוואונדערטע און געקוקט אויף אַלצדינג וואָס דער זיידע האָט געטון. זיי האָבען עס נאָך קיינמאָל ניט געזען, וואָרים דער זיידע איז ערשט צוריק מיט עטליכע וואָכען געקומען קיין אַמעריקאַ און דער טאַטע האָט זיי ניט דערציילט וועגען חנוכה.

און אַז אין לעמפּעל איז שוין געווען בוימעל און קנייטלאַך, האָט דער זיידע גענומען אַזאַ ליכט, וואָס איז געווען צונויפגעדרייט פון עטלאַכע וואַקסענע ליכטלאַך און ער האָט עס אָנגעצונדען. דאָס ליכט

האָט געקנאַקט און דאָס פלעמעל אויף דעם האָט געשפּרונגען ווי עס וואָלט זיך אויך געפרייט מיט חנוכה.

דערנאָך האָט דער זיידע עפּעס גענומען זאָגן און זינגען און ער האָט אָנגעצונדען דאָס קנייטעל אין דעם ערשטען רערעל פון׳ם חנוכה-לעמפּעל. דאָס ליכט האָט ער צוגעקלעפּט צום ווענטעל פון׳ם חנוכה-לעמפּעל און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו די קינדער מיט אַזאַ ליכטיג געזיכט און מיט פריילאַכע שיינענדיגע אויגען.

— יאָ, איינילקלאַך מיינע, מיר האָבען שוין געבענשט דאָס ערשטע חנוכה-ליכטעל, — האָט דער זיידע געזאָגט, — און איצט קומט צום טיש וועל איך אייך גיבען וואָס איך האָב אייך צוגעזאָגט.

די קינדער מיט׳ן זיידען זענען צוגעגאַנגען צום טיש און דער זיידע האָט אַרויסגענומען פון בוזים-קעשענע צוויי אַזעלכע זאַכעלאַך און געזאָגט:

— איר זעט, דאָס זענען דריידלאַך. חנוכה שפּילען אַלע אידישע קינדער אין דריידעל. קומט וועל איך אייך ווייזען ווי אַזוי מע שפּילט.

ביילקעלע האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול און זיך אַריבערגעבויגען איבער׳ן טיש און שעפּסעלע איז אינגאַנצען אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן טיש. און דער זיידע האָט זיי געוויזען:

— איר זעט, אויפ׳ן דריידעל זענען דאָ 4 אותיות: נון, גימל, היי, שין. נעמט מען און מע דרייט דאָס דריידעל אָט אַזוי אָ, איז אַז סע פאַלט נון אָדער שין, געווינט מען און אַז סע פאַלט גימל אָדער היי, פאַרשפּילט מען. איר פאַרשטייט שוין ווי צו שפּילען?

— יאָ, מיר ווייסען, מיר ווייסען... — האָבען ביידע אויסגעשריען.

דערווייל זענען אַריינגעקומען פון קיך דער טאַטע מיט דער מאַמען און דער טאַטע האָט געגעבען די קינדער חנוכה־געלט. ביילקעלע מיט שעפּסעלען זענען אַוועקגעגאַנגען אין אַ ווינקעל, זיך געזעצט אויף דעם דיל און גענומען שפּילען אין דריידעל.

ביילקעלע האָט די ערשטע געדרייט איר דריידעל און סע איז געפאַלען אַ נון, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון דיל און גענומען זיך דרייען און זינגען:

— איך האָב געוואונען, איך האָב געוואונען...

האָט שעפּסעלע אַרויסגעשטעלט אַ צונג, פאַרדרייט די נאָז און

מיט אַ שטיס, וואָס מע האָט ניט דערקענט צי ער וויינט, צי ער לאַכט, האָט ער געזאָגט:

— איי, איי, איי, איך וועל אויך געווינען. צען מאָל וועל איך געווינען.

און ער האָט אָפּגעלאָזט זיין דריידעל. סע האָט זיך געדרייט און געדרייט, אויף אַ סעקונדע איז עס געבליבן שטיין און דערנאָך האָט עס זיך גענומען בייגן אויף דער זייט, בייגן און בייגן און שעפּסעלעס קאָפּ האָט זיך נאָכגעבויגן נאָך דעם און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט, אָט אָ און סע פאַלט.

— אַ גימעל!... — האָט ביילקעלע אויסגעשריען, — האָסט פאַרשפּילט...

שעפּסעלע איז געבליבן זיצן שטיל און געקוקט אויף זיין דריידעל מיט טרויעריגע אויגן. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און אַ געשריי געטון:

— סע גאָרניט, איך וועל וויטער געווינען. אָט, ביילקעלע, וועסטו איצט פאַרשפּילן...

ביילקעלע האָט געלאָזט איר דריידעל. שעפּסעלעס האַרץ האָט איצט געקלאַפּט נאָך שטאַרקער ווי ווען זיין דריידעל האָט זיך געדרייט. איי, האָט ער געוואָלט אַז ביילקעלע זאָל פאַרשפּילן. ער וואָלט זיך אַזוי געפרייט מיט איר. נאָר זי האָלט אין איין געווינען, וואָסי, זיין דריידעל איז דען ניט דאָסזעלבע? און ביילקעלעס דריידעל האָט זיך גענומען בייגן און בייגן, די קעפּ פון ביידע קינדער האָבן זיך נאָכגעבויגן —

— אַ שין! איך האָב ווידער געוואונען... איך וועל באַ דיר אָפּגעווינען דאָס גאַנצע חנוכה-געלד, שעפּסעלע... וועסט זען, וועסט זען...

— אַזוי, — האָט שוין שעפּסעלע מיט אַן אמת'ר ווינענדיגער שטים געזאָגט, — איך וועל באַ דיר אָפּגעווינען דאָס חנוכה-געלט אפשר צען טויזענט מאָל...

אָבער שעפּסעלען איז ניט געגאַנגען, וואָרים ער האָט געהאַלטען אין איין פאַרשפּילען. זיין דריידעל האָט זיך נאָר געבויגען צום גימל, אָדער היי און ביילקעלעס צו נון און צו שין.

שעפּסעלען איז געוועזן ביטער אויפ'ן הארץ און ער האָט זיך צעוויינט אויפ'ן קול: — איך דאַרף ניט שוין, ביילקעלען האָט דער זיידע אַ גוט דריידעל געגעבען און מיר האָט ער געגעבען אַ שלעכטס... דערפאַר פאַרשפּיל איך און ביילקעלע געווינט...




און ער האָט גענומען רייסען ביי ביילקעלען איר דריידעל און טופּען מיט די פיס. זענען צוגעקומען דער טאַטע מיט דער מאַמען און דער זיידע איז אויך צוגעקומען און זיי האָבען גענומען איינריידען ביילקעלען זי זאָל זיך בייטען מיט די דריידלאַך. ביילקעלע האָט ניט געוואָלט, ניט געוואָלט, אָבער זי האָט געפאָלגט און זיך געביטען.

און די קינדער האָבען זיך ווייטער אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל און געשפּילט. אָבער ווי אויף צו להכעיס איז שעפּסעלעס דריידעל אַלעמאָל געפאַלען און געפאַלען אויף גימל און היי און ער האָט גע-

האַלטען אין איין פאַרשפּילען. און דאָס האָר'ן האָט אים ווי געטון, און ער האָט זיך געשעמט. פאַרוואָס קומען צו אים ניט די נון מיט דער שין? און אַלעמאָל ווען זיין דריידעל האָט זיך געדרייט, האָט ער באַ זיך אין האַרצען געבעטען: „נונעלע, שינעלע, קומט צו מיר... כ'האָב אייך אַזוי ליב..." און געפאַלען איז אַ גימל אָדער אַ היי...

סע איז געוואָרען שפּעט. די קינדער האָבען זיך געלייגט שלאָפען. ביילקעלע אַ פריידיגע און שעפּסעלע אַ טרויעריגער און אַ צאָרנדיגער אויף דער נון מיט דער שין.

באַנאַכט הערט שעפּסעלע ווי עמיצער קריכט אויף אים. ער האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, וואָרים ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. אָבער דער עמיצער איז ווייטער געקראָכען אויף אים מיט זיינע דינע פיסלאַך. שעפּסעלע האָט איינגעהאַלטען דעם אָטעם און האָט זיך טיפער איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע.

נאָר אָט איז דער עמיצער צוגעקומען צו שעפּסעלעס קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעשלעפּט די קאָלדרע און מיט זיינע שאַרפע פינגער, וועלכע זענען געווען קאַלט, גליטשיג און בלייאיג, האָט ער אָנגענומען שעפּסעלען פאַר'ן אויער און געזאָגט:

— שרעק זיך ניט, שעפּסעלע, איך בין די שין...

און שעפּסעלע האָט אויך געפילט ווי אַן אַנדערער האָט אים אָנגענומען ביי די האָר, געגלעט און געקיצעלט. און דער אַנדערער האָט געזאָגט: — שרעק זיך ניט, שעפּסעלע, איך בין די נון...

און דערנאָך האָבען ביידע גענומען טאַנצען אויף אים מיט זייערע בלייענע פיסלאַך און זינגען מיט פריקענע שטימען:

שין צו נון, נון צו שין,
שפּיל אין דריידעל און געווין...

און שעפּסעלע האָט אַ פריילאַכער אויפגעמאַכט די אויגען און דערזען די דריי קעפּלאַך פון דער שין, וועלכע האָבען זיך געבויגען צו אים מיט געלעכטער און די נון, וואָס האָט אים אַזוי געגלעט און סע איז אים געווען גוט.

— אַזוי, שעפּסעלע, מיר וועלען שוין איצט קומען צו דיר, — האָט די שין געשאָקעלט מיט אירע דריי קעפּלאַך.

און די נון האָט אויך צוגעשאָקעלט מיט איר קעפּעלע:

— יאָ, שעפּסעלע, מיר וועלען קומען, מיר וועלען קומען...
און באַלד זענען זיי ביידע אַראָפּגעשפּרונגען פונ׳ם בעט און גענומען טאַנצען אויפ׳ן דיל און זינגען:

שין צו נון, נון צו שין,
שפּיל אין דריידעל און געווין...

און אַזוי האָבען זיי זיך אַרומגעדרייט פונ׳ם צימער און שעפּסעלע איז זיי נאָכגעלאָפען און געבעטען זיך ביי זיי:

— נונעלע, שינעלע, אַנטלויפט ניט פון מיר...

אָבער זיי זענען שוין ניט געווען און שעפּסעלע האָט גענומען שרייען:

— נונעלע, שינעלע, אַנטלויפט ניט פון מיר...

די מאַמע איז אַריינגעקומען אין צימער און געמאַכט ליכטיג. זי האָט געפונען שעפּסעלען אַ פאַרוויינטען, אַ דערשראָקענעם. די מאַמע האָט אים גענומען טרייסטען און צערטלען:

— וויין ניט, שעפּסעלע, וואָס איז געווען?
— די נון און די שין זענען ערשט געווען און זענען אַנטלאָפען...
— ביזט אַ נאַריש אינגעלע, שעפּסעלע, סע האָט זיך דיר נאָר געחלום׳ט... לייג זיך צוריק שלאָפען. מאָרגען וועסטו שוין געווינען...
און שעפּסעלע האָט זיך געלייגט צוריק אין בעט און איז אַ גליקליכער אַנשלאָפען געוואָרען.

# דער פּורים־שפּילער

שימעל האָט זיך צוגעקלעפּט אַ גרויע באָרד, האָט זיך אָנגעט
אַ מיצעל אויפ'ן קאָפּ און מיט אַ זעקעל אויף די פּלייצעס איז ע
אַרויסגעקומען צו די קינדער אויף דער גאַס.

די קינדער האָבען אים ניט דערקענט. ער האָט אומיסט
גערעדט מיט אַ גראָב קול און האָט געטאַנצט אויף איין פוס:

היינט איז פּורים,
מאָרגען איז אויס,
גיט מיר אַ פּעני,
און טרייבט מיך אַרויס...

— ווער ביסטו? — האָבען אים די קינדער פון אַלע זייט
געפרעגט, — מיר האָבען נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ קליין אידעל

און איין אינגעלע האָט גענומען טאַפּען דאָס זעקעל, האָ
שימעל האָט געטראָגען אויף זיינע פּלייצעס און האָט געשריען:

— זעט נאָר, קינדער, עפּעס איז דאָרטען אַזוי פיל זאַכען...

און שימעל האָט ווידער גענומען זינגען מיט'ן גראָבען קול:

איך האָב פאַר אייך אין זעקעלע
מתנות אַלערליי,
איך האָב אַ כישוף־שטעקעלע —
אַ מאַך און ס'פאַלט אַ שניי.
און ווילט איר מרדכי'ס פערדעלע?
צי אפשר המנ'ס שווערדעלע?
איך נעם אַרויס דאָס שטעקעלע,
וואָס ליגט באַ מיר אין זעקעלע,
אַ מאַך אַהער, אַ מאַך אַהין,
איר ווייסט שוין, קינדער, ווער איך בין?

האָבען די קינדער געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— פון וואַנעט זאָלען מיר וויסען?

און אַלע האָבען געקוקט אויפ'ן זעקעלע און האָבען געוואָל

שוין זען, וואָס דאָרטען איז דאָ און דאָס כישוף-שטעקעלע האָבען זיי געוואָלט זען, וואָס קען אויפטאָן אַזוי פיל וואונדער.

און אַז אַ קינד האָט זיך געוואָלט צורירען צו שימעל'ס זעקעלע, האָט ער אַוועקגעטאַנצט אויף איין פיסעל און האָט געלאַכט אויף זיין גראָב קול, ווי אַן עלטערער איד. און די קינדער האָבען אים נאָכגעטאַנצט אלע אויף איינע פיס. און שימעל האָט ווייטער געזונגען:

האָמענטאשען שפּיציגע,
אָנגעפילט מיט מאָן,
גיב איך אייך אין איין מינוט,
ווי איר קוקט מיך אָן.

און די קינדער האָבען אַלע אויסגעשטרעקט די הענט און די אויגען זייערע האָבען געברענט, ווייל אלע האָבען זיי ליב געהאַט האָמענטאַשען.

— נו, גיב שוין, — האָבען זיי געשריען, — גענוג דיר שוין צו זינגען, לאָמיר זען וואָס דו האָסט אין זעקעלע און ווייז אונז דיין כישוף-שטעקעלע.

נאָר שימעל האָט נאָך אַלץ ניט געעפענט זיין זעקעל. ער איז ווייטער געשפּרונגען אויף איין פיסעל און געזונגען מיט אַ גראָב קול:

פלערעלאך מיט ניס,
זענען האָניג־זיס,
זאָגט מיר, ווער סע וויל,
כ׳האָב אין זעקעל פיל.

— מיר ווילען אַלע, — האָבען די קינדער געשריען, — זינג וויינינער און עפען בעסער דיין זעקעל. פון זינגען וועט גאָרנים אַרויסקומען...

שימעל האָט ווייטער געטאַנצט אויף איין פיסעל און די קינדער האָבען אים נאָכגעטאַנצט. פלוצלינג האָט אָנגעהויבען בלאָזען אַ שטאַרקער ווינט, ווייל אין מאַנאַט מאַרץ רייסען זיך אַלע ווינטען פון די קייטען, וואו זיי זענען צוגעשמידט, און עס האָט אָנגעהויבען צו וואַרפען די קינדער ווי פילקעס.

און שימלען האָט עס אויך גענומען וואַרפען, זיין צוגעקלעפּטע באָרד האָט דער ווינט אַראָפּגעריסען און די קינדער האָבען דערקענט שימעלען, זייער קליינעם חבר. האָבען זיי געמאַכט אַ געשריי:

— זע נאַר, דאָס איז גאָר שימעלע! אַבי מיר האָבען נים געוואוסט ווער דאָס איז!... אַנו, שימעלע, ווייז נאָר וואָס דו האָסט אין זעקעלע.

און שימעלע האָט אויפגעבונדען דאָס זעקעלע און געוויזען די קינדער, וואָס דאָרטען איז דאָ. און די קינדער זענען אויפגעבראַכט געוואָרען אויף אים און זיי האָבען אים געוואָלט שלאָגען:

— האָסט דאָך אונז אָפּגענאַרט, אין זעקעלע זענען דאָך דאָ נאָר שמאַטעס. וואו איז דער פלאָדען, די האָמענטאַשען, די ניס און אַלע גוטע זאַכען? און וואו איז דאָס כישוף-שטעקעלע? האָסט אונז גענאַרט, שימעלע.

און שימעל האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס שרייט איר אַזוי? דאָס איז דאָך נים מער ווי אַ שפּיל אַזאַ. היינט איז פּורים, האָב איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּורים-שפּילער...

# א מעשה מיט א סוכה־שער

— נו, קינדער שטייט ניט, — האָט דער טאַטע געשריען, — אויפדערנאַכט איז שוין סוכות און מיר דאַרפן נאָך אויפשטעלן צוויי ווענט און דערנאָך ערשט צודעקן די סוכה.

די קינדער זענען אַלע געווען פאַרנומען: יאַנקעלע האָט געשלעפּט אַן אַלט פענסטער אַריינצושטעלן אין דער הינטערשטער וואַנט; שימעלע האָט געהאַלטן דעם האַמער מיט די צוועקעס;



פייגעלע האָט צוגעהאַלטן דעם רידעל, מיט וועלכן דער טאַטע האָט געגראָבן די גריבער. נאָר בערעלע האָט קיין אַרבייט ניט געפונען. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס און יעדן איינעם געשטערט.

— דו'סט אויפהערן צו דרייען זיך ווי אַ רויך אין קוימען, — האָט יאַנקעלע אָנגעשריען אויף אים, — גיי דיר אַריין אין הויז, קיינער דאַרף דיך דאָ נישט האָבן... האָסטו געזען, ער לאָזט ניט אַרבייטן... אויפדערנאַכט איז דאָך שוין סוכות...

— טאַקע, — האָבן אונטערגעכאַפּט שימעלע און פייגעלע, — ווער דאַרף דיך דאָ ?...

— כ'וויל אויך העלפֿען בויען די סוכּה, — האָט בערעלע גע־טופּעט מיט די פּיסעלאַך, — וואָסי, איר מעגט און איך טאָר נים? גיב מיר דאָס פענסטער...

און בערעלע האָט גענומען רייסען ביי יאַנקעלען דאָס פענסטער. יאַנקעלע איז געווען עלטער פון בערעלען מיט צוויי יאָר, איז ער



געווען געזינטער פון אים, האָט ער געגעבען אַ ריס און טראַך — די שויבען זענען צעבראָכען געוואָרען. איז דער טאַטע צו געקומען און האָט בערעלען אַוועקגעטריבען. איז בערעלע געשטאַנען פון ווייטענס און האָט מקנא געווען זיינע ברידער און זיין שוועסטערל פייגעלע וואָס זיי העלפֿען בויען די סוכּה און אים לאָזט מען נים צו.

שפּעטער איז געקומען אַ איד וואָס האָט ליב מאַכען שפּאַס און געזאָגט צו בערעלען:

— ווילסט עפּעס טאָן, בערעלע? איך וועל דיר געבען אַרבייט. דו זעסט, מע דעקט שוין איצט דעם דאַך, פון דער סוכּה. מיט ראָר און מיט שטרוי דעקט מען דעם דאַך, ווועלען דאָך אַראָפּהיינגען עקעלאַך פון'ם ראָר און פון'ם שטרוי, דערפאַר דאַרף מען האָבען אַ סוכּה־שער די עקעלאַך אַרומצושערען. גיי, בערעלע, צום שמיד און ליי אַ סוכּה־שער...

איז בערעלע געוואָרען פריילאַך, וואָס ער האָט שוין אויך אַרבייט און טאַנצענדיג און שפּרינגענדיג איז ער אַוועק צום שמיד.

— גוט יום־טוב, — איז ער אַריין מיט אַ פריילִיכען געשריי, —

דער טאַטע האָט מיך געשיקט לייען ביי אייך אַ סוכה-שער, די עקעלאַך פונ׳ם סכך אַרומצושערן.

דער שמיד האָט אַ שמייכעל געטאָן אין זיינע רויטע וואָנסעס און געזאָגט:

— אָט ערשט, אינגעלע, האָב איך מיין סוכה-שער אַוועק-געגעבן צו אַן אַנדערן. אַך, אַזאַ פּאַרדראָס... נאָר גיי זיך דורך צו סענדער דעם שניידער, וועט ער דיר געבן.

איז בערעלע ווייטער געשפּרונגען צו סענדער דעם שניידער.

— גוט יום-טוב אייך, סענדער, — האָט בערעלע אויסגעשריען נאָך שטייענדיג אויף דער שוועל. — דער טאַטע האָט מיך געשיקט צו אייך לייען אַ סוכה-שער די עקעלאַך פונ׳ם סכך אַרומצושערן.

סענדער דער שניידער איז געווען אַן עלטערער מענש, אַ טויבער אויף אַן אויער און אַ קורצזיכטיגער, האָט ער געמיינט, אַז בערעלע איז געקומען פרעגן צו זיין קאָסטומדעל איז שוין פאַרטיג אויף יום-טוב, און ער האָט געמאַכט אַ געוואַלד:

— זיץ אין דערהיים און וואַרט, ס׳וועט זיין פאַרטיג, וועל איך אַליין אָפּברייגגען...

איז בערעלע צוגעגאַנגען נאָענט צום טויבען סענדערן און אים אַריינגעשריען אין אויער:

— אַ סוכה-שער, סענדער, אַ סוכה-שער וויל איך לייען...

האָט סענדער דער שניידער אַ שמייכעל געטאָן און געזאָגט:

— אַך, אַזאַ פּאַרדראָס, כ׳האָב די סוכה-שער ערשט אַוועק-געגעבן צו אַן אַנדערן. אָבער גיי, אינגעלע, צו דער ליכטציערין,

זי האָט אַ שער, מיט וועלכער זי שערט אָפּ די קנייטלאַך. זי וועט זי דיר לייען.

איז בערעלע געלאָפן צו דער ליכטציערין, וואָס האָט גע-וואוינט הינטער דער שטאָט אין אַ קליין שטיבעלע. די ליכטציערין



איז געווען אַ גוטע פרוי, האָט זי רחמנות געהאַט אויף בערעלען און געזאָגט צו אים:

— גיי אַהיים, אינגעלע, מע האָט דיך אָפּגענאַרט, ס'איז נישטאָ קיין סוכה-שער און די עקעלאַך פונ'ם סכך שערט מען ניט אָרום.

איז בערעלע געגאַנגען אַהיים אַ דערשלאָגענער און אַ כאַפּטע בייזע הינט זענען אים באַפאַלן און צעריסען זיינע קליידער. ער האָט זיך קוים פון זיי אַרויסגעריסען און איז געקומען אַהיים מיט אַ געוויין.



# דעם ווינטערס שטאָפּעטען

אַ גאַנצען טאָג האָט געשפּריצט אַ קאַלט רעגענדעל. אַז פּערעלע איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען, האָבען די קאַלטע טראָפּענס איר געשטאָכען דאָס געזיכט ווי מיט שאַרפע נאָדלען. עס איז געווען קאַלט און כאָטש פּערעלע איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ וואַרים מאַנטעלע און אונטער'ן מאַנטעלע אַ סוועטער, האָט דאָך די קעלט זי דורכגענומען און זי האָט געציטערט.

אין הויז האָט די מאַמע געזאָגט, אַז איצט איז שוין געקומען דער אמת'ער ווינטער.

— באַלד, פּערעלע, — האָט די מאַמע געזאָגט, — וועלען זיך אָנהייבען די פראָסטען און מיר וועלען האָבען פאַר אַ גאַסט דעם פעטער שנייער. דאָס איז שוין איינמאָל אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

— יאָ, כ'געדיינק פון פאַר-אַ-יאָרען ווינטער, — האָט פּערעלע אונטערגעכאַפּט, — אַלע קינדער האָבען זיך געגליטשט און געשלי-טעלט און ס'איז געווען אַזוי גוט.

אויפדערנאַכט איז פּערעלע געזעסען אין הויז. אין דרויסען איז געווען נאַס און דאָס רעגענדעל האָט נאָך אַלץ געשפּריצט. דערפאַר איז אין הויז געווען היימלאַך און וואַרים. די סטים האָט געזאָטען, דער עלעקטרישער לאָמפּ האָט העל געלויכטען. די מאַמע איז געזעסען אין טיפען ווייכען שטול און האָט געשטריקט אַ סוועטער פאַר איר אינגערען ברודער דייווי; דער טאַטע האָט זיך צוגעשפּאַרט אויף דער סאָפקע און געלייענט אַ צייטונג און זי אַליין, פּערעלע, האָט זיך געשפּילט מיט דייווי'ן. אויף דער פּיאַנאָ האָט געדרעמעלט דאָס אַש-קאָלירטע קעצעלע. עס איז געלעגען צונויפ-געקאָרטשעט און געכאָרכעלט.

— ווייסט, פּערעלע, — האָט זיך דייווי אָנגערופען, — באַם קעצעלע אין האַלז איז דאָ אַזאַ הייזעריג פייפעלע, אַזעלכעס וואָס איך האָב געהאַט אין עלעקשאַן-דעי און וואָס סעם מיט דער פאָרדרייטער נאָז האָט עס מיר צעבראָכען.

— רעדסט נאַרישקייטען, — האָט פּערעלע געענטפערט, — באַ אַ קעצעלע אין האַלז קען ניט זיין קיין פייפעלאַך.

— פאַרוואָס זשע כאָרכעלט עס?

— אָט וועל איך דיר באַלד זאָגען... עס כאָרכעלט, ווייל עס כאָרכעלט...

דערנאָך האָבען זיך די קינדער געשפּילט מיט די מענשעלאַך אין זייערע ביכער און ווען דער זייגער, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן ביכערשראַנק, האָט אויסגעקלאַפּט מיט אַ דרינזשענדיגען קלאַנג 8, זענען די קינדער געגאַנגען שלאָפען אין זייער באַזונדער צימערל.

באַנאַכט האָט פּערעלע דערהערט, ווי עמיצער רייסט די פענסטער און זי האָט זיך דערשראָקען. זי האָט דערהערט, ווי עמיצער פייפט, האָט זי זיך דערמאָנט אָן די געשיכטעס וועגען גזלנים, וואָס זי האָט געלייענט און עס האָט זיך איר פאָרגעשטעלט, אַז גזלנים ווילען זיך אַריינרייסען צו זיי אין הויז און זיי פייפען זיך איבער, ווי עס שטייט געשריבען אין די געשיכטעס וועגען גזלנים. האָט זי שטיל גענומען וועקען דייווי'ן:

— דייווי, שטיי אויף... גזלנים... רייסען זיך... פייפען.

אָבער דייווי איז געשלאָפען געשמאַק און פּערעלע האָט אָנגעצונדען די עלעקטריק. ווי ס'איז נאָר געוואָרען ליכטיג אין צימער, האָט פּערעלע זיך אויפגעהערט צו שרעקען. זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין די פענסטער און האָט געזען ווי טראָפּענס קייקלען זיך אויף זיי און קיין מענשען האָט זי ניט געזען. האָט פּערעלע פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען ניט קיין גזלנים, נאָר דער ווינט וואָס רייסט די פענסטער און וואָס פייפט אַזוי.

איצט האָט זי שוין גענומען וועקען דייווי'ן שטאַרקער, וואָרים זי האָט שוין קיין מורא ניט געהאַט. געוואָלט האָט זי נאָר דערציילען דייווי'ן די שיינע מעשה'לאַך, וואָס זי האָט געלייענט וועגען שטורם.

און אַז דייווי האָט אויפגעריסען די אויגען און דערהערט דאָס הוזשען און פייפען פון ווינט, האָט ער זיך דערשראָקען אויף טויט, אָבער פּערעלע האָט אים באַרואיגט:

— שרעק זיך ניט, דייוועלע, דאָס איז נאָר דער ווינט. ער רייסט און פייפט, ווייל ער דאַרף בריינגען צו אונז דעם גוטען פעטער שנייער.

— פון וואַנעט ווייסטו, פערעלע?

— אָ, איך ווייס שוין... איך האָב געלייענט אַזאַ געשיכטע און איך וועל דיר איצט דערציילען. אָבער הער זיך צו מיט קאָפּ.

און פערעלע האָט דערציילט דייווי'ן, וואָס זי האָט געלייענט וועגען שטורעם: אַז ס'קומט ווינטער, נעמען זיך צונויף אַלע ווינטען פון גאָר דער וועלט און מיט אַ ברומעריי, וואָס באַ זיי מיינט עס אַ געזאַנג, גייען זיי באַגעגענען דעם פעטער שנייער, דעם ווייסען און דעם שטיפערישען.

דער פעטער שנייער הוליעט אַרום אויף די ווייטע און ברייטע פעלדער באַ דעם פאַרפרוירענעם ים. דאָרטען איז אייביג קאַלט און דער שניי ליגט דאָרט פאַרשפּרייט אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר. און פריי איז דאָרט דער פעטער שנייער; ער קען אַרומווירבלען טאָג און נאַכט און אָנהויפען שניי בערג אויף בערג און אַמאָל, אַז ס'פאַרווילט זיך אים, הייבט ער אָן צו בלאָזען און צו ברומען, מאַכט ער אַ שטויב, נעמט ער מיט זיין ווייסער באָרד און קערט אויס אַלע פעלדער באַם פאַרפרוירענעם ים און ס'הייבט זיך אויף אַזאַ שטויב, אַז מען קען גאָר ניט זען, נאָר פליטערלאַך, וואָס דרייען זיך.

און אַז די ווינטען פון גאָר דער וועלט קומען צום פעטער שנייער באַם פאַרפרווירענעם ים, הייבט זיך דאָרט אויף אַזאַ הוזשעריי, אַז אַזוינס זאָל גאָרניט געדאַכט ווערען. די ווינטען פון איין זייט און דער פעטער שנייער פון דער אַנדערער זייט. עס קאָכט און עס זידט דאָרט, עס קראַכט און עס שטורעמט. עס איז שוין איינמאָל אַ באַגעגעניש.

דערנאָך כאַפּען די ווינטען פון גאָר דער וועלט דעם פעטער שנייער אויף זייערע פליגלען און זיי ברענגען אים צוטראָגען צו אונז. אָבער איידער זיי ברענגען אים אַריין, שיקען זיי פריער עטלאַכע שטאַפּעטען אָנזאָגען אונז די בשורה, אַז זיי טראָגען אויף זייערע פליגלען דעם פעטער שנייער. זיי קלאַפּען אָן אין אַלע פענסטער און פייפען אויס אויף זייער שפּראַך, אַז דער גוטער גאַסט, דער פעטער שנייער, דער ווייסער און דער שטיפערישער קומט אָן.

— און איצט, דייוועלע, זענען געקומען די שטאַפּעטען אונז אָנזאָגען אַז דער פעטער שנייער שטייט שוין ניט ווייט און וועט באַלד אַריינקומען.

ביידע קינדער האָבען זיך גוט איינגעדעקט און זענען אַנשלאָפען געוואָרען.

און דער שטורם האָט אַ גאַנצע נאַכט געריסען די פענסטער; געפייפט, געשליידערט שילדען און געוואָרפען ביימער.



# אויפ'ן גליטש

באלד ווי סעמי האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט דערזען די ליכטיגע זון, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין הויז דורך דעם פענסטער, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און גענומען טאַנצען:

— אַ פראָסט... אַ שטאַרקער, ברענענדיגער פראָסט...

אַ גאַנצען ווינטער איז נאָך קיין פראָסט ניט געווען. אָט ווערט קאַלט און איידער אויפ'ן טייכעל פאַרציט זיך נאָך אַ דין הייטעל אייז, ווערט שוין צוריק וואַרים און דאָס אייז צעגייט.

אָבער היינט איז שוין טאַקע געקומען דער אמת'ער פראָסט דאָס טייכעלע אין קראָטאָנאַ פּאַרק מוז שוין זיין גוט פאַרפרוירען און היינט וועט זיין אַ גליטש ווי סע באַדאַרף צו זיין.

און סעמי האָט זיך גענומען אָנטאָן.

די מאַמע איז אַריינגעקומען און געזאָגט;

— וואָס עפּעס אַזאַ איילעניש אויף דיר?

— מאַמע, סע איז עפּעס שטאַרק קאַלט אין דרויסען?

— יאָ, סעמעלע, אַ פראָסט, סע ברענט די אויערען, סע צופּט און סע ברענט... וואָס איז מיט דיר זונעלע מיינער?...

— גאָרניט, מאַמע, סע איז גוט וואָס סע איז אַ פראָסט...

— וואָס איז דאָס גוטסקייט?...

— מע וועט זיך שוין קענען גליטשען...

און איידער נאָך סעמי האָט זיך איינגעוואַשען, איז ער אַריינגעקראָכען אין דער קליידער־שאַפע און גענומען זוכען זיינע גליטש־ערס. אין שאַפע איז געשטאַנען עטליכע אַלטע רענצלאַך, צעריסענע שיך און קאַלאָשען האָבען זיך געוואַלגערט און סעמי'ן איז אָנגעקומען שווער, איידער ער האָט זיינע גליטשערס אויפגעזוכט. און אַז ער האָט זיי אַרויסגענומען, האָט ער זיי באַטראַכט מיט ליבשאַפט, ווי איינער וואָס באַגעגענט זיינע אַלטע, געטרייע גוטע פריינט.

ער איז אַריין אין קיך, אָפּגעכאַפּט אויף גיך דאָס עסען און איידער די מאַמע האָט זיך אַרומגעקוקט, איז ער שוין געווען אָנגעטאָן

אין זיינע ווינטערדיגע קליידער, מיט די גליטשערס אונטער'ן אָרעם.

— גוט באַי, מאַ!...

— זע סעמעלע, זאָלסט ניט פאַלען און זאָלסט זיך ניט דער־היצען...

אָבער סעמי האָט שוין ניט געהערט, ווייל ער איז שוין גע־שטאַנען פון יענער זייט טיר.

ווי סעמי איז נאָר אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָט די קעלט אים אַרומגענומען און די באַקען זיינע האָבען זיך באַלד אָנגעצונדען. ער האָט זיך דערפילט אַזוי לייכט, גלייך ווי פליגלען וואָלטען אים אויסגעוואַקסען און זיי וואָלטען אים געטראָגען.

געקומען צום טייכעל אין פאַרק, האָט ער געזען אַז דאָס אייז גלאַנצט און די זון שפּילט זיך אויף דעם מיט איר שיין. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און גענומען אָנטון די גליטשערס. צו אים זענען צוגעקומען אַנדערע קינדער און זיי האָבען זיך אויך געזעצט אָנטון די גליטשערס. אויפ'ן טייכעל האָבען זיך עטלאַכע קינדער געגליטשט און סעמי האָט געוואָלט וואָס גיכער שוין זיין אויפ'ן אייז און זיך „צעלאָזען".

אָבער אויף צו־להכעיס, האָבען זיך די גליטשערס ניט אָנגעטון. עפּיס אַ שרייפּעלע האָט זיך אַרויסגעדרייט און כאָטש צעריים זיך, קען זיך עס ניט פאַרשרויפען.

— זע נאָר, — האָט ער זיך געבעטען באַ אַ אינגעלע, וואָס איז געזעסען לעבען אים, — עפּיס פאַרשרויפט זיך ניט באַ מיר...

דאָס אינגעלע האָט רחמנות געהאַט אויף סעמי'ן און אים געהאָלפען פאַרשרויפען די גליטשערס.

און באַלד האָט זיך סעמי צעלאָזט אויפ'ן טייכעל. די פיס זענען אים געווען לייכט, דאָס האַרץ פריידיג און וואָס ווייטער ער האָט זיך געגליטשט, אַלץ פרייליכער איז אים געוואָרען אויפ'ן האַרצען.

באַלד האָבען זיך עטלאַכע קינדער אָנגענומען פאַר די הענט און אַלע צוזאַמען זיך געלאָזט איבער'ן גליטש. סעמי איז געווען אינמיטען און ער האָט אַלעמען געשלעפּט נאָך זיך:

— גיכער, פלינקער... אָ־אָ־אָ!...

— קינדער, אין אַ ראָד — האָט אַ מיידעלע אויסגעשריען.

האָבען זיך אַלע קינדער אָנגענומען אין אַ ראָד און גענומען זיך דרייען. דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבייט און די קינדער זענען איינציגוויים געפאַלען אויפ'ן אייז מיט אַ געלעכטער.

אַזוי האָט זיך סעמי מיט אַלע קינדער געגליטשט ביז די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַרונטערצורוקען צום פאַרגיין. ער האָט דערפילט אַז ער איז שטאַרק הונגעריג און ער האָט שוין געוואָלט גיין אַ היים. אָבער ער האָט געזען ווי עס קומען אָן דערוואַקסענע מענשען זיך גליטשען און ער האָט געוואָלט זיי ווייזען אַז ער, דער קליינער סעמי, קען בעסער פון זיי מאַכען קונצען אויפ'ן אייז. האָט ער פאַרגעסען אין הונגער און איז ווייטער געבליבען.

ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט לעבען אַ הויכען יונגענמאַן אין אַ ברוינעם סוועטער און האָט זיך מיט אים פאַרמאָסטען. יענער האָט זיך געדרייט אויפ'ן אייז, געמאַכט „רונדען", געלאָפען מיט האַסטיג-קייט און פלוצלינג זיך אויסגעקערעוועט און סעמי האָט אים נים געקענט נאָכהאַלטען. האָט עס אים פאַרדראָסען און ער האָט זיך צוגעשאַרט צו אַ מיידעל. זי איז אָבער געווען נאָך פלינקער פון יענעם יונגענמאַן און סעמי איז געבליבען ווייט הינטער איר.

אַז ער האָט דאָס געזען, איז אים אינגאַנצען אַוועק דער חשק ווייטער צו גליטשען זיך און ער האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז גאָר הונגעריג, ער האָט נאָך גאָרניט געגעסען.

— גרויסע מאַכערס זענען זיי, — האָט ער צו זיך אליין גע-זאָגט, — זיי האָבען זיך אָנגעגעסען, קענען זיי מאַכען קונצען, איך וועל זיך אָנעסען, וועל איך קענען בעסער פון זיי...

און סעמי איז אַהיימגעגאַנגען.

# יאָסעלע מיט די ציגעלאַך

איינמאָל איז יאָסעלע אַריינגעגאַנגען אין שטאַל און האָט געזען ווי די ווייס-שוואַרצע ציג האָט געלעקט די פעלכעלאַך פון צוויי ברעקעלאַך ציגעלאַך. איז יאָסעלע'ן געוואָרען פריילאַך אויפ'ן האַרצען. צוויי קליינינקע, שיינינקע ציגעלאַך, מיט פעלכעלאַך ווייכינקע, מיט אייגעלאַך שוואַרצינקע. אַך, ווי גוט עס וועט זיין אַרומיאָגען זיך מיט זיי אויפ'ן ברייטען הויף.

און אין דרויסען איז שוין געווען וואַרים און ליכטיג. מ'האָט שוין געקאָנט גיין אַזוי, אָן אַ וואַרים אויבערעקעל. די מאַמע האָט אויסגעווישט די שויבען און זיי האָבען געגלאַנצט ווי שפּיגלען. אין הויז איז געוואָרען פריילאַכער, די זון האָט זיך צעלייגט אויף די ווענט און האָט אומגעטאַנצט אויף דער סטעליע.

איז יאָסעלע געקומען צו זיין מאַמען און האָט צו איר געזאָגט מיט פרייד:

— מאַמע, די ציג האָט געהאַט ציגעלאַך. צוויי ציגעלאַך, אַזעלכע קליינינקע, ווי מיינע פערדעלאַך... זי שטייט אין שטאַל און לעקט זיי די פעלכעלאַך...

— איך ווייס, יאָסעלע, — האָט די מאַמע געענטפערט, — איך בין אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און איך האָב זיי באַשאָטען מיט זאַלץ.

— צו וואָס האָסטו זיי באַשאָטען מיט זאַלץ, מאַמע? — האָט יאָסעלע געפרעגט.

— אַז די פעלכלאַך זייערע זענען געזאַלצען, לעקט זיי די ציג און מאַכט זיי ריין...

און יאָסעלע האָט דערציילט אַלע זיינע חברים, אַז זיין ציג האָט געהאַט צוויי ציגעלאַך. די מאַמע האָט זיי באַשאָטען מיט זאַלץ און די ציג האָט זיי געלעקט... און ער האָט שטילערהייט אַריינגענומען די חברים זיינע אין שטאַל אַריין און זיי געוויזען די ציגעלאַך. ער האָט זיי ניט געלאָזט אויסריידען קיין הויך וואָרט:

— שטילער רעדט, די ציגעלאַך וועלען זיך נאָך איבערשרעקן...
זעט, אַ ווייסער פלעק באַ דעם ציגעלע אויפ'ן שטערן. און דאָס ציגעלע איז גאָר אינגאַנצען אַ רויטס...

אין עטליכע טעג אַרום האָט יאָסעלע געזען, ווי באַ די ציגעלאַך אויף די קעפּעלאַך האָבען זיך באַוויזען אַזעלכע קליינע בערגעלאַך. ער האָט די בערגעלאַך גענומען טאַפּען און ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס. איז ער געקומען צולויפען צו דער מאַמען אַ פאַרסאָפּעטער און האָט אויסגעשריען:

— מאַמע, בערגעלאַך ביי די ציגעלאַך... אָט דאָ-אָ, אויף די קעפּעלאַך... וואָס איז עס, מאַמע? טוט עס ניט וויי, די ציגעלאַך? זיי זענען אַזעלכע האַרטע...

— וואָס שרייסטו, נאַרעלע? — האָט די מאַמע געשמייכעלט. — דאָס זענען די הערנער. באַ די ציגעלאַך הויבען שוין אָן צו וואַקסען הערנער. דאָס טוט זיי ניט וויי. פאַרקערט, יאָסעלע, זיי זענען צו-פרידען מיט די הערנער...

און אַז יאָסעלע האָט דאָס דערהערט, איז ער אַרויסגעלאָפען אין גאַס און האָט דערציילט זיינע חברים:

— באַ מיינע ציגעלאַך וואַקסט שוין הערנער. דערווייל זענען זיי נאָך קליינע בערגעלאַך, אָבער זיי וועלען אויסוואַקסען אַזעלכע

גרויסע ווי באַ דער ציג. פאַרדרייטע ווּעלען זיי זיין. איר וועט שוין זען. אַלצדינג ווייס איך...

און אין דרויסען איז שוין געווען גוט וואַרים. די ציג מיט די ציגעלאַך האָט מען אַרויסגעלאָזט אויפ'ן הויף, זיי זענען שוין געווען אַ ביסעל גרעסער און זיי האָבען זיך געשפּילטביידע צווישען זיך. איין ציגעלע איז געלאָפען און דאָס צווייטע איז עס נאָכגעלאָפען און דערביי האָבען זיי געטאַנצט, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיסלאַך און געמעקעט מיט דינע שטימעלאַך. און אָט האָבען זיי זיך אויף קאַטאָוועס גענומען שלאָגען צווישען זיך, געבוצקעט זיך מיט די קעפּעלאַך...

יאָסעלע איז געשטאַנען פון וווייטענס און עס האָט זיך אים אויך געוואָלט שלאָגען זיך מיט די ציגעלאַך. אַך, ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך אַזוי געיאָגט אין די ציגעלאַך נאָך אים. אָדער ווען ער וואָלט זיך געבוצקעט מיט זיי אין די קעפּעלאַך. דאָס האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען פון בייִנקעניש. ער האָט אַ פּאָר מאָל געפּרואווט זיך שפּילען מיט זיי, אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט. זיי איז בעסער געפעלען געווען צו שפּילען זיך צווישען זיך אַליין, ניט מיט אים, מיט יאָסעלען.

איז יאָסעלע אַנטלאָפען אין הויז און ער האָט אָנגעכאַפּט די מאַמען באַם פאַרטוך און געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען:

— מאַמע, די ציגעלאַך ווילען זיך מיט מיר ניט שפּילען... נאָר ביידע שפּילען זיי זיך... פאַרוואָס, מאַמע, קען איך ניט זיין קיין ציגעלע? איך וויל זיין אַ ציגעלע און שפּילען זיך מיט זיי...

די מאַמע האָט זיך צעלאַכט:

— ביסט אַ נאַריש ינגעלע, יאָסעלע, אַ אינגעלע קען קיין ציגעלע ניט ווערען... גיי שפּיל זיך מיט די חברים...

# ווי אזוי כעלעם האט אפגעברענט

כעלעם, קינדער, איז אַ שטאָט פון בלויז נאַראָנים. אַז אַ קלוגער קומט אַמאָל אין כעלעם, לויפען אים נאָך די כעלעמער, סיי גרויס, סיי קליין, און אַפילו אַלטע אידען מיט בערד, און שרייען: טרייבט אים אַרויס, דעם נאַר...

מ׳דערציילט זיך אָן אַ סך שיינע מעשה׳לאַך פון די כעלעמער און איך וועל אייך דערציילען ווי אַזוי כעלעם האָט אָפּגעברענט:

אַמאָל האָט זיך געטראָפען, אַז אין כעלעם האָבען זיך באַוויזען אַ סך מייז. אין יעדען הויז, אין יעדען שייער האָבען זיך די מייז אויסגעגראָבען לעכער און פאַרשלעפּט אַהין עסענוואַרג. ערגער איז נאָך געווען דאָס, וואָס די מייז האָבען ניט געלאָזט די כעלעמער שלאָפען. די איינוואוינער פון דער שטאָט פלעגען אַרומבלאָנקען זיך גאַנצע נעכט איבער די כעלעמער גאַסען און גענעצען.

אָבער די גרעסטע צרה איז געווען מיט די ווייבער. ווי אַלע ווייבער, האָבען זיי מורא געהאַט פאַר מייז און זיי פלעגען דערפאַר שפּרינגען אויף די ביינק און אויף די טישען און קוויטשען. די כעלעמער מאַנסבילען האָבען זיך געמוזט פאַרשטאָפּען די אויערען מיט וואַטע, אַז ניט וואָלטען זיי טויב געוואָרען.

אַז די כעלעמער האָבען געזען, אַז ס׳איז שלעכט, זייער שטאָט ויעט נאָך, חלילה, אונטערגיין צוליב די מייז, און וואָס וועט די וועלט טון אָן כעלעם? האָבען זיי זיך צונויפגענומען צו טראַכטען און געפינען אַן עצה צו די מייז. האָט איינער געראַטען, אַז מ׳זאָל אַריינלייגען בריוועלאַך צו די מייז אין די לעכער און מ׳זאָל זיי בעטען, אַז זיי זאָלען אַוועקגיין אין אַן אַנדער שטאָט. אַ צווייטער

האָט געזאָגט, אַז מ'זאָל מאַכן אַ גרויסע סעודה, באַם ברעג טײַך, און צונויפרופן אַלע מײַז און זײ דערנאָך אַרײַנזואַרפן אין טײַך אַרײַן. און אַ דריטער האָט געראָטן, אַז מ'זאָל אויסקלײַבן צװײ מענטשן און זײ זאָלן גײן אין דאָרף אַרײַן און פֿאַרבעטן די קאַץ אין כעלעם, װעט זי שױן אָפּרעכענען זיך מיט די מײַז.

זענען געפֿאָרן די צװײ אָנגעזעענסטע מענטשן פֿון שטאָט אין אַ דאָרף אַרײַן צו פֿאַרבעטן די קאַץ קײן כעלעם. אין עטליכע טעג אַרום זענען זײ צוריקגעקומען מיט דער קאַץ און האָבן זי מיט גרױס פֿאַראַד אַרײַנגעבראַכט אין כעלעם. אַלע אײַנװאױנער זענען אַרױס־געגאַנגען אַקעגן מיט געזאַנג און מיט קאַפּעליעס, אַ קלײניגקײט, אַזאַ גרויסער גאַסט, די קאַץ די געפּלעקטע, װאָס װעט אַלע מײַז פֿון כעלעם פֿאַרטרײַבן.

און געפֿרײט האָט זיך כעלעם אַ טאָג מיט אַ נאַכט, װײַן האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן און האָניק האָט גערונען איבער די מײַלער. די קאַץ האָט מען אויסגעפּוצט מיט רויטע, בלויע, גרינע און אַנדערע קאָלירטע בענדלאַך און זי איז געזעסן אויבנאָן װי אַן אמת'ע מחותנת'טע און האָט מיט'ן רויטן צינגעל געלעקט איר פֿעל.

אַז כעלעם האָט זיך אויסגעניכטערט פֿונ'ם יום־טוב, האָט מען די קאַץ אָפּגעלאָזט:

— גײ, קעצעלע, נעם זיך צו דער אַרבײט אויסצורײניגען די מײַז.

און די קאַץ איז געװען אַ פֿלינקע, איז זי אומגעשפּרונגען פֿון הויז צו הויז און האָט אומעטום אויסגעשטיקט די מײַז, אין אײנע צװײ װאָכן איז קײן זכר פֿון זײ ניט געבליבן.

אַך, װי כעלעם האָט עס אָפּגעלעבט! די װײַבער האָבן אויפֿ־געהערט צו קװיטשען, האָבן די מענער אַרויסגענומען די װאַטע פֿון די אויערן, מע האָט אויפֿגעהערט צו גענעצן און אומצובלאַנקען זיך גאַנצע נעכט איבער די גאַסן, הכלל, סע איז געװאָרן אַ לעבעדיגע װעלט אין כעלעם, גאָרניט די שטאָט, ניט די מענטשן.

און די קאַץ איז געװען די קעניגען פֿון שטאָט, אַלע טירן זענען געװען פֿאַר איר אָפֿן. אָבער אונזער קעצעלע איז אַ נאַשערין געװען, האָט זי זיך גענומען צו די טעפּלאַך. װאו אַ טעפּעל, איז זי געװען, אומעטום אַרײַנגעשטעקט די מאָרדע און געשמעקט און גענאַשט.

באַ די כעלעמער באַלעבאָסטעס האָט זיך קיינמאָל ניט איינגעהאַלטען דאָס פלייש אין די טעפּלאַך. און זאָגען עפּעס דער קאַץ האָט זיך קיינער ניט דערוועגט, וואָרים זי איז דאָך עפּעס די קעניגין פון שטאָט.

שלעכט, וואָס טוט מען? האָבען זיך די כעלעמער פערזאַמעלט און סע איז באַ זיי געבליבען אַז די זעלבע צוויי אָנגעזעענסטע מענשען פון שטאָט זאָלען די קאַץ אַוועקפירען. גענוג, קעצעלע, געהוליעט, זאָלען אַנדערע אויך הנאה האָבען פון דיר.

האָט מען ווידער געמאַכט אַ פּאַראַד, מיט געזאַנגען און מיט מוזיק. די קאַץ האָט מען אויסגעפּוצט ווי סע פּאַסט פאַר אַזאַ חשוב'ען גאַסט ווי זי איז און מע האָט זי אַרויפגעזעצט אויף אַ שיינעם קאַרעט, די צוויי אָנגעזעענסטע כעלעמער לעבען איר און פאָרט גע־זונטערהייט.

די צוויי מענשען האָבען די קאַץ אַוועקגעפירט און איר גע־געבען אַלצדינג צו פאַרשטיין, ווי מ'האָט זיי אָנגעזאָגט, נאָר די קאַץ האָט, ווייזט אויס, ליב געהאַט דאָס פלייש פון די כעלעמער טעפּלאַך און איז טאַקע באַלד צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין. זי האָט זיך ווידער גענומען צו איר אַרבייט: נאַשען דאָס פלייש פון די טעפּלאַך.

האָבען זיך די כעלעמער ווידער פאַרזאַמעלט און נאָך אַ לאַנגען באַראַטען זיך, האָבען זיי אָפּגעמאַכט. אַז איינער אַ כעלעמער זאָל אַרויפקריכען אויף אַ דאַך און פון דאָרטען אַראָפּוואַרפען די קאַץ, וועט זי דער'הרג'עט ווערען.

האָט מען אַזוי געטאָן. גאַנץ כעלעם איז זיך צונויפגעקומען צו זען, ווי מ'וואַרפט אַראָפּ די קאַץ פונ'ם דאַך. האָט אָבער די קאַץ שאַרפע נעגעל געהאַט, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ סלופּ און האָט אַראָפּגעקלעטערט אויף דער ערד, פריש און געזונט.

דאַמאָלסט איז אַרויסגעשפּרונגען איינער אַ יונגער כעלעמער און האָט גענומען די קאַץ און איז מיט איר אַרויפגעקראָכען אויפ'ן דאַך. ער האָט אַראָפּגעשריען:

— איר וועט באַלד זען, כעלעמער, ווי מיר וועלען פּטור ווערען פון דער קאַץ...

און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען מיט דער קאַץ אינאיינעם. ער

איז דער'הרג'עט געוואָרען און די קאַץ איז געבליבען לעבען, וואָרים זי איז געפאַלען אויף אים. און די קאַץ האָט ווייטער גענאַשט דאָס פלייש פון די טעפלאַך און די כעלעמער אידען זענען אַרומגעגאַנגען הונגעריג.

האָט זיך כעלעם ווידער פאַרזאַמעלט און האָט אָפּגעמאַכט די קאַץ צו פאַרברענען. האָט מען זי פאַרשפאַרט אין אַ הויז און דאָס הויז אונטערגעצונדען. האָט מען אָבער פאַרגעסען צו פאַרלייגען דעם קוימען, איז די קאַץ אַרויסגעקראָכען דורכ'ן קוימען. האָט מען זי פאַרשפאַרט אין אַ צווייט הויז און אונטערגעצונדען. האָט זיך גראַד געמאַכט אַ ווינט, האָט ער צעטראָגען דאָס פייער פון די צוויי ברענענדיגע הייזער איבער דער גאַנצער שטאָט און גאַנץ כעלעם האָט זיך אָנגעצונדען.

אזוי, קִינדער, האָט כעלעם אָפּגעברענט.



# כעלעם מאַכט פרילינג אין מיטען ווינטער

כעלעמער נאַראָנים האָבען זיך געהאַט זייערע סמנים אויף אַלצדינג. אַז אַ כעלעמער נאַר האָט דריי מאָל אַ נאָס געטון, איז עס באַ אים געווען אַ סימן אַז ער וועט אינגיכען קראַנק ווערען און ער איז אַוועקגעגאַנגען אַ היים און האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין און געשריען אַז ער איז טויט קראַנק. דאָס ווייב האָט אים שוין אָפּגעשפּראָכען, געלייגט אים הייסען וואַקס צום שטערען און גע-וויינט איבער זיין קאָפּ.

און אַז אַ כעלעמער נאַר איז גע-ווען געפערלאַך קראַנק און ער האָט אָנגעפאַנגען צו גענעצען, האָט ער געמעגט האָבען היין אַז ער זאָל אַזש ברענען, איז עס באַ אים גע-ווען אַ סימן אַז ער ווערט שוין געזונט און ער האָט זיך אָנגעטון, אַרומגעגאַנגען אין גאַס גלייך מיט אַלע געזונטע מענשען און געגעסען אַלצדינג וואָס געזונטע מענשען עסען.

אַ סימן אַז דער פרילינג קומט שוין אָן, איז באַ די כעלעמער גע-ווען דאָס ערשטע ציגעלע איז געבוירען געוואָרען. אַז כעלעמער האָבען דערהערט ווי אַ יונג ציגעלע האָט געמעקעט, איז ער אַרויס אין גאַס און ווען ער האָט באַגעגענט, האָט ער דערציילט אַז סע איז שוין פרילינג, אַ סימן, אַ ציגעלע איז שוין געבאָרען געוואָרען און ער האָט אַליין, מיט זיינע אייגענע אויערען געהערט ווי סע מעקעט.

אַזוי האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטעל דערוואוסט אַז אין כעלעם איז שוין געוואָרען פרילינג. אַ גליק האָבען די כעלעמער געהאַט

וואָס די ציגען פון דער שטאָט האָבען טאַקע געבוירען זייערע ציגע־לאַך באַם אָנפאַנג פון'ם פרילינג און זיי האָבען דערפאַר אַלעמאָל געטראָפען.

האָט זיך אָבער איינמאָל געמאַכט אַז איינע אַ ציג האָט גע־בוירען אירע ציגעלאַך אינמיטען ווינטער. סע זענען נאָך געווען גרויסע פרעסט, דער שניי איז געלעגען אויף די פעלדער און אויף די בעלעמער דעכער און די ציג, ביינישׂ דעם מילכיגענס ציג, האָט געבוירען צוויי ציגעלאַך. צוויי שיינינקע ציגעלאַך, איינס מיט אַ ווייסען פלעק אויפ'ן שטערען און איינס מיט אַ ווייך רויטלאַך פעלכעל.

און אַז ביינישׂ דער מילכיגער איז אַריינגעקומען אין זיין שטאַל און האָט דערזען די ציגעלאַך, האָט ער זיך זייער דערפרייט וואָס סע איז שוין פרילינג און ער איז אַריינגעלאָפען אין זיין הויז מיט אַ געשריי:

— שוין, מע דאַרף שוין מער ניט הייצען די הרובעס, סע איז שוין פרילינג, הערסט שיינע פייגע, סע איז שוין פרילינג.

— וואָס רעדסטו, ביינישׂ, ביסט משוגה געוואָרען? סע איז דאָך נאָך ווינטער, אין דרויסען איז אַ ברענענדיגער פראָסט און דער שניי איז איבער די פּיס. סע האָט זיך דיר, מיין מאַן, געמוזט חלום'ען.

— וואָס רעדסטו, שיינע פייגע, אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך רעד, אונזער ציג האָט שוין געבוירען צוויי ציגעלאַך...

— אזוי, איז שוין טאַקע פרילינג, — האָט דאָס ווייב צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און זי האָט פאַרלאָשען די הרובע.

און באַלד האָט זיך די נייעס פאַרשפּרייט איבער גאַנץ כעלעם און אין אַלע כעלעמער הייזער האָט מען אויפגעהערט צו הייצען די הרובעס און געעפענט ברייט די פענסטער. גראָד איז יענע נאַכט אויסגעפאַלען אַ גרויסער שניי, אַ גאַנצע נאַכט האָט געהוליעט אַ זאַווערוכע און די כעלעמער זענען געלעגען אין זייערע בעטען און זענען איבערגעפרוירען געוואָרען.

— אַזאַ קאַלטער פרילינג, — האָבען די כעלעמער צו זיך אַליין גערעדט, — מע ווערט דאָך איבערגעפרוירען...

אָבער פאַרמאַכט די פענסטער האָט מען ניט, און די הרובעס האָט מען ניט געהייצט, וואָרים אַז אַ ציגעלע איז געבוירען געוואָרען און ניט נאָר איינס, נאָר גאַנצע צוויי, איז דאָך געווים שוין פרילינג. אַי, וואָס דער שניי פאַלט און דער פראָסט ברענט? איז טאַקע זייער ניט שיין פון זיין זייט און ער מעג זיך שעמען, אָט דער בייזער ווינטער.

אויף מאָרגען זענען אַלע כעלעמער אַרומגעגאַנגען אין דרויסען אין די הוילע רעקלאַך, די ווייבער האָבען גענומען שמירען די שטיבער, די קינדער האָבען זיך אויסגעטון די שיך, וואָרים אַז סע איז פרילינג דאַרף מען גיין אָנגעטון ווי סע פּאַסט פאַר׳ן פרילינג.

און בעריש, דער וואָס האָט געהאַט הינטער דער שטאָט אַ שטיקעל פעלד, האָט איינגעשפּאַנט דעם אָקער און האָט געאַקערט

דאָס אייז און דעם שניי, וואָרים אַז סע איז פרילינג דאַרף מען דאַך אַקערן.

און דער סוף איז געווען אַז גאַנץ כעלעם האָט זיך פאַרקילט און האָט אָנגעהויבן צו ניסען, האָבן זיי זיך אַלע געלייגט אין די בעטען וואָרים דאָס איז דאָך באַ זיי געווען אַ סימן אַז זיי זענען קראַנק און ווער ווייסט מיט וואָס די מעשה וואָלט זיך געענדיגט, ווען די צוויי ציגעלאַך זאָלען ניט געווען אויפגעפרעסען ווערען פון אַ וואָלף וואָס האָט זיך פאַר׳גנב׳עט צו ביינישׂ דעם מילכיגענס שטאַל.

אַז ביינישׂ איז אינדערפרי אַריין אין שטאַל און ניט געפונען די ציגעלאַך, איז ער אַריינגעלאָפען אין הויז און געמאַכט אַ געוואַלד אַז די גאַנצע גאַס איז זיך צונויפגעלאָפען:

— שיינע פייגע, הייץ איין די הרובע... שוין, זיי מעקען שוין ניט...

— וואָס פלאַפּעלסטו, ביינישׂ, וואָס הייסט זיי מעקען ניט?...

— אַז איך זאָג דיר ניין, איז ניין...

און באַ אַלע כעלעמער איז געבליבען אַז ביינישׂ דעם מילכיגענס ציג האָט עמיצער אָפּגעטון כשוף און דערפאַר האָט זי געהאַט אַזוי פרי די ציגעלאַך און די ציגעלאַך זענען פאַרשוואונדען אויך מיט כשוף. די ציג האָט מען דערפאַר פאַרטריבען אין שניי און אין פראָסט העט ווייט איבער טאָלען און איבער בערג און אין כעלעם איז ווידער געוואָרען ווינטער. די ווייבער האָבען געהייצט די הרובעס, די מענער האָבען אָנגעטון די שווערע פעלצען און די קינדער האָבען זיך געגליטשט אויפ׳ן אייז.

וואָרים אַז סע איז ווינטער, דאַרף מען זיך גליטשען.

# ווי אזוי א הויז האט אפּגעברענט

איר האָט דאָך געוויס געהערט, אַז ס'איז דאָ אַ שטאָט כעלעם, וואו אַלע מענשען זענען גרויסע נאַראָנים. מ'דערציילט זיך אַן אַ סך שיינע מעשה'לאַך פון כעלעם.

די געשיכטע, וואָס איך וויל אייך איצט דערציילען, איז זיך פאַרלאָפען מיט איינעם אַ כעלעמער אידען, וואָס האָט געהייסען וואָלקע — פאַרצויגען פונ'ם נאָמען וואָלף. האָט דער וואָלקע געהאַט אַ בהמה מיט אַ גרויסען ווייסען פלעק אויפ'ן שטערען און מיט אַן אָפּגעבראָכענעם האָרן.

אַלע אינדערפרי האָט ער די בהמה אויסגעמאָלקען און זי אַרויס־געטריבען אויף דער לאָנקע, זי זאָל זיך דאָרטען פּאַשען. און פאַר־נאַכט איז די בהמה צוריקגעקומען אַהיים און וואָלקע האָט זי ווידער אויסגעמאָלקען.

מאַכט זיך איינמאָל, אַז אויף דער לאָנקע איז געווען אויס־געשאָטען סאַזשע און וואָלקעס בהמה האָט זיך פאַרשמירט דעם ווייסען פלעק אויפ'ן שטערען. פאַרנאַכט, אַז די בהמה איז אַהיים־געקומען, האָט זי וואָלקע ניט דערקענט, וואָרים ער האָט געהאַט אַ סימן אויף איר, אַז זי האָט אַ ווייסען פלעק אויף איר שטערען.

שטייט די בהמה באַם טויער פון וואָלקעס הויז און מרוקעט, אָבער וואָלקע וויל זי ניט אַריינלאָזען. קלאַפּט זי מיט די הערנער אין טויער און בעט זיך מ'זאָל איר עפענען, ווייל זי האָט געבויינקט נאָך איר קליינעם קעלבעלע. און וואָלקע כאַפּט אַ שטעקען און פאַרטרייבט די בהמה פונ'ם הויף.

— כ'וויל ניט אַריינלאָזען קיין פרעמדע בהמות, — האָט וואָלקע געשריען, — ס'איז מיר גענוג מיין אייגענע. גיי זיך צו דיין באַלעבאָס...

ס'איז שוין געוואָרען גוט פינסטער אין דרויסען און וואָלקע וואַרט אויף זיין בהמה און זי קומט ניט. נעמט ער מיט זיך אַ

שטעקען און גייט אוועק הינטער'ן שטאָט, זי זוכען. און ווייל זיין בהמה איז געווען צו אים שטאַרק צוגעבונדען, איז זי אים נאָכגע־גאַנגען אַ הונגעריגע און אַ פאַרביינקטע נאָך איר קליינעם קעלבעלע.

הינטער דער שטאָט איז געווען אַן אַלטע מיל, וואָס קיינער האָט שוין אין איר ניט געוואוינט און די כעלמער האָבען געזאָגט, אַז אַלע נאַכט קומען זיך אַהין צונויף שדים און טאַנצען דאָרט און מאַכען אַלערליי קונצען. אַ כעלעמער האָט מורא געהאַט צו גיין באַנאַכט פאַרביי דער מיל, טאָמער וועלען אים נאָך די שדים אַריינ־נאַרען און אָפּטון אַ שפּיצעל.

און אַז וואָלקע איז צוגעקומען נאָענט צו דער מיל, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען צו לויפען. די בהמה, אַז זי האָט געזען, אַז איר באַלאַבאָס לויפט, איז זי אים נאָכגעלאָפען. און אַז וואָלקע האָט זיך אומגעקוקט און האָט געזען, אַז אַ שווארצע בהמה לויפט אים נאָך, איז בא אים שוין קיין ספק ניט געווען, אַז דאָס לויפט אים נאָך אַ שד און ער האָט אָנגעהויבען צו שרייען.

האָט זיך די בהמה זיינע דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען צו שפּרינגען, האָט זיך וואָלקע אַזוי דערשראָקען, אַז ער איז אַנידער־געפאַלען אויף דער ערד. די בהמה איז געשטאַנען לעבען אים און זיך געלאַסטשעט צו אים. און געריבען דעם קאָפּ אָן זיינע קליידער און אָפּגעווישט דערוויל די סאַזשע פונ'ם שטערען.

און אַז וואָלקע האָט אויפגעעפענט איין אויג, האָט ער צו זיין גרויס שרעק דערזען, אַז זיין בהמה מיט'ן ווייסען פלעק אויפ'ן שטערען שטייט לעבען אים. האָט ער זיך אויפגעהויבען און האָט זיך געלאָזט ווייטער לויפען, וואָרים איצט האָט ער שוין געזען באַשיינפערלאַך אַז די בהמה איז נישט קיין בהמה, נאָר אַ שד.

געלאָפען איז ער איצטער צוריק אַהיים און ער איז אַריינגע־פאַלען אין הויז ניט טויט און ניט־לעבעדיג און האָט געמאַכט אַ גוואַלד:

— פאַרשליסט גיכער די טיר! ער לויפט מיר נאָך... די לאָדען פאַרמאַכט, די לאָדען...

— ווער לויפט דיר נאָך וואָלקע? — האָט דאָס ווייב געשריען. — וואָס איז מיט דיר?...

— דער שד... די בהמה...

האָט מען פאַרשלאָסען די טיר, פאַרמאַכט די לאָדען און די בהמה איז געשטאַנען אין דרויסען און האָט געמרוקעט און געבעטען זיך, אַז מ'זאָל זי אַריינלאָזען אין הויף צו איר קעלבעלע און דאָס קעלבעלע האָט געמרוקעט און געוואָלט צו דער מאַמען.

און אַז די בהמה האָט געזען, אַז קיינער ענטפערט איר ניט, האָט זי אָנגעהויבען צו קלאַפּען אין פענסטער און האָט אויסגעזעצט די שויבען. אין הויז זענען אַלע געווען אין איין שרעק, זיי האָבען געציטערט און וואָלקע מער פון אַלע.

די בהמה האָט דערוויל צעבראָכען די לאָדען און האָט אַריינ־געשטעקט דעם קאָפּ אין הויז. דאָס האָבען שוין די הויזמענשען ניט געקענט אַריבערטראָגען און זיי זענען אַנטלאָפען דורך דער הינטער טיר און געמאַכט אַ געוואַלד:

— אונזער הויז איז פול מיט שדים... אידען, ראַטעוועט... שדים טאַנצען אין אונזער הויז... בהמות... ווייסע פלעקען... — זיי האָבען שוין אַליין ניט געוואוסט, וואָס זיי שרייען און בלייך זענען זיי געווען, ווי דער טויט און די אויגען האָבען זיי געברענט.

אַלע כעלעמער זענען זיך צונויפגעלאָפען אויף זייער בייז־וואונ־דער און ס'איז באַ זיי געבליבען, אַז מ'דאַרף דאָס הויז אונטערצינדען, וואָרים אַ־ניט וועלען די שדים זיך אַריינכאַפּען אין דער גאַנצער שטאָט כעלעם. האָט מען געבראַכט קעראָסין און מען האָט אונטער־געצונדען דאָס הויז מיט אַלע שפּייכלערס און מיט'ן הויף.

דאָס הויז האָט אָפּגעברענט, די בהמה מיט'ן קעלבעלע זענען אויך פאַרברענט געוואָרען און וואָלקע איז געבליבען אַ גרויסער אָרימאַן.

## כעלעמער קינדער ציילען זיך

צען קינדערלאַך אין כעלעם האָבען זיך אַמאָל געשפּילט אין בלעגדעניש. האָבען זיי זיך געדאַרפט ציילען. זאָגט איין אינגעלע:

— איך וועל ציילען: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס, זיבען, אכט, ניין. מער ווי ניין איז נישט געווען. ציילט ער נאָך אַמאָל, קומט אים ווידער אַמאָל אויס ניין.

— איך וויים פאַר וואָס ס'קומט אויס ניין, — האָט אויסגעשריען אַ מיידעלע מיט אַ שפּיציג נעזעלע, — ער פאַרגעסט צו ציילען זיך אַליין.

האָט דאָס אינגעלע ווייטער אָנגעהויבען צו ציילען. און איצט האָט ער שוין אָנגעהויבען פון זיך: איינס, צוויי, דריי, פיר... און ער האָט אָפּגעציילט עלף. ציילט ער ווידער אַמאָל, קומט באַ אים אַלץ אויס עלף, וואָרים איצט האָט ער אָנגעהויבען און געענדיגט מיט זיך.

איז איין אינגעלע געפאַלען אויף אַ שכל:

— ווייסט איר וואָס, מיר וועלען נעמען ליים און יעדער וועט אַריינשטעקען אַ פינגער, וועלען מיר דערנאָך איבערציילען די לעכער.

האָבען די כעלעמער קינדער אַזוי געטון. זיי האָבען גענומען ליים און יעדער איינער האָט אַריינגעשטעקט זיין פינגער. האָט אָבער באַ איין מיידעלע געציטערט די האַנט און זי האָט אומגערען אַריינגעשטעקט אַלע פינף פינגער מיט אַמאָל. איז דאָך ווייטער שלעכט. האָט איין אינגעלע געראָטען, אַז מ'זאָל אַריינשטעקען די נעז, האָט מען אַזוי געטון. איז אָבער געווען אַ מיידעלע, וואָס האָט געהאַט אַ פּלאַטשיג נעזעלע און אַז זי האָט עס אַריינגעשטעקט אין ליים, האָט זי דערווייל אָפּגעווישט מיט'ן פּנים אַלע לעכער.

און די כעלעמער קינדער האָבען זיך נישט געקענט איבערציילען.

## אָפּגעשפּאָרט די זוו

די כעלעמער נאַראָנים האָבען זיך אַמאָל אַרומגעזען, אַז ס'וואָלט געווען אַ גלייכע זאַך אָפּצושפּאָרען אַ ביסעל פונ'ם זון-ליכט אויפ'ן

ווינטער, ווען די זון באַהאַלט זיך אָפּט אונטער די וואָלקענס.

— פאַרוואָס זאָל עפּעס די זון שיינען זומער און ווינטער זאָל זיין אַזוי קאַלט און קיין שיין זאָל ניט זיין? — אַזוי האָבן די כעלעמער גע׳טענה׳ט אויף זייערע פאַרזאַמלונגען.

— מיר מוזען זוכען מיטלען ווי אַזוי אָפּצושפּאָרען אַ ביסעל זון-ליכט אויפ׳ן ווינטער, מיר זאָלען ניט פרירען אין די וואָלקענדיגע טעג.

און די כעלעמער האָבען געפונען אַ מיטעל ווי אַזוי אָפּצושפּאָרען די זון. זיי האָבען געמאַכט באַ אַ טעפּער גרויסע ערדענע טעפּ, און אין אַ הייסען זומערדיגען טאָג זענען אַרויס אַלע כעלעמער אויף די גאַסען און האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגען דער זון. און אַז די טעפּ האָבען זיך גוט אָנגעהייצט, האָבען די כעלעמער זיי צוגעדעקט מיט דיקע שמאַטעס און שטאַרק פאַרבונדען, אַז די זון זאָל ניט אַרויס.

און איר פאַרשטייט דאָך שוין, קינדער, אַז ווען ס׳איז געקומען ווינטער און די כעלעמער האָבען אויפגעבונדען די טעפּ, האָבען זיי געפונען ליידיגע טעפּ און אַ סך מייז אין זיי.

# אפּגעשטופּט די שול

און איצט הערט אַ מעשה׳לע מיט אַ כעלעמער שול. אין כעלעם האָט מען געדאַרפט בויען אַ שול און קיין פּלאַץ איז ניט געווען. ווייל איר ווייסט דאָך, אַז אויף צו בויען דאַרף מען האָבען אַ סך פריי פּלאַץ אויף אָפּצולייגען די בוימאַטעריאַלען. זענען די כעלעמער געפאַלען אויף אַ שכל: זיי האָבען אויסגעזוכט אַ פריי פּלאַץ הינטער דער שטאָט און אויסגעשאָטען אַרבעס. דער שכל דערפון איז געווען, אַז בויען וועט מען אויף די אַרבעס און אַז די שול וועט פאַרטיג ווערען, וועט מען זי אַראָפּקייקלען.

און אַז די שול איז פאַרטיג געוואָרען, האָבען די כעלעמער זיך אויסגעטון די היטלען, די רעקלאַך און זענען אַריינגעגאַנגען אינווייניג און גענומען שטופען די ווענט. דערווייל איז אָנגעפאַרען אַ פויער און ער האָט געזען, אַז ס׳ליגען היטלען און רעקלאַך, האָט ער זיי צוגענומען און איז זיך אַוועקגעפאָרען.

אַז די כעלעמער האָבען זיך שוין גוט אָנגעשוויצט, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען זען ווי ווייט זיי האָבען שוין אָוועקגע־שטופּט די שול, האָבען זיי געזען, אַז זייערע היטלען און זייערע רעקלאַך זענען ניטאָ, האָבען זיי אויסגעשריען:

— אָ, מיר האָבען שוין ווייט אַוועקגעשטופּט אונזער שול...

## אן אינזעל און א פיש

ס'איז געווען אַמאָל בּאַ אידען אַ גרויסער געלערענטער מאַן, האָט מען אים גערופען רבה בּר־בּר חנא, האָט ער ליב געהאַט צו דערציילען נים געשטויגענע און ניט געפלויגענע מעשה'לאַך. ער איז אַרומגעגאַנגען איבּער די גאַסען און וואו ער האָט דערזען אַ רעדעל מענשען, איז ער צוגעקומען און דערציילט זיינע מעשה'לאַך.

איינמאָל האָט ער דערציילט אַזאַ מעשה'לע:

איך בּין געפאָרען אויף אַ שיף מיט נאָך מענשען. אינמיטען ים איז אָנגעקומען אַ גרויסער שטורם. ס'האָט גענומען וואַרפען מיט דער שיף, די כוואַליעס האָבען זיך געבּייזערט און דער גאַנצער ים איז בּאַדעקט געוואָרען מיט גרויען שוים.

מיר האָבען זיך אַלע צונויפגענומען אויפ'ן אויבּערדעק פון דער שיף און מיר האָבען געוואַרט דער ים זאָל אונז פאַרשלינגען. פּלוצלינג האָט זיך אויפגעהויבען אַ כוואַליע, העכער פון אונזער שיף און זי האָט מיט אַזאַ קראַפט אַ קלאַפּ געטון, אַז די שיף איז צע־שמעטערט געוואָרען אויף שטיקלאַך. מיר זענען אַלע אַריינגעפאַלען אין ים אריין. דאָס גליק איז געווען וואָס איך מיט נאָך צוויי האָבּען זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ בּרעט.

דער שטורעם האָט געבושעוועט אַ גאַנצע נאַכט. ס'האָט אונז געוואָרפען אין דער לופטען, אָבער מיר האָבען זיך ניט אָפּגעלאָזט פון דער בּרעט. פאַרטאָג איז שטילער געוואָרען און מיר האָבען זיך אַרומגעקוקט אַז מיר זענען לעבען אָן אינזעל אין מיטען ים. מיר זענען אַרויפגעקראָכען אויפ'ן אינזעל און מיר האָבען זיך געפרייט וואָס מיר זענען געראַטעוועט געוואָרען פון טויט.

דאָס אינזעל איז געווען באַוואַקסען מיט גראָז און ביימער מיט טייערע פרוכטען זענען דאָרטען אויך געווען, האָבען מיר צעלייגט אַ פייער און אָפּגעקאָכט עפּעס עסען. אַזוי האָבען מיר אָפּגעלעבט אויפ'ן אינזעל אינמיטען ים גאַנצע צוויי וואָכען. מיר האָבען געגעסען די פרוכטען פון די ביימער און מיר האָבען אַרויסגעקוקט אויף אַ שיף וואָס זאָל זיך באַווייזען אויפ'ן ים.

אין איינעם אַן אינדערפרי האָבען מיר פּלוצלינג דערפילט, אַז מיר שווימען. דאָס אינזעל האָט זיך גערירט און האָט גענומען שווימען אויפ'ן ים. מיר האָבען קיינער ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַן אינזעל קען שווימען. דערווייל איז אָנגעקומען אַ שיף און האָט אונז אַרויפגענומען. און אַז מיר זענען שוין געווען אויפ'ן שיף, האָבען מיר דערזען ווי פון ים האָט זיך אַרויסגעשטעקט אַ שרעקלאַך גרויסער קאָפּ פון אַ פיש. דאָס גאַנצע אינזעל מיט די ביימער, מיט'ן גראָז, מיט אַלצדינג וואָס דאָרט איז געווען, האָט זיך איבערגעדרייט און מיר האָבען זיך אַרומגעזען אַז די גאַנצע צוויי וואָכען זענען מיר געזעסען אויפ'ן רוקען פון אַ פיש און מיר האָבען געמיינט אַז דאָס איז אַן אינזעל.

אָט אַזעלכע מעשה'לאַך האָט רבה בר-בר-חנה דערציילט.



## רייזעלע, דער ריז און דאָס קליינע מענשעלע

רייזעלע איז געגאַנגען איין אַליין אויף אַ הויכען, הויכען באַרג. ווי זי איז געקומען אַהער, האָט זי ניט געוואוסט. זי האָט נאָר געזען, אַז דער באַרג איז אַזאַ גרויער און איז פול מיט שטיינער און שטעכעדיגע גראָזען. אַ גליק נאָך וואָס רייזעלע איז געגאַנגען אין אירע שיכעלאַך, אַניט וואָלט זי אַזוי צעבלוטיגט און פאַרוואונדעט אירע פיס, אַז זי וואָלט שוין ניט געקענט מאַכען קיין טראָט.

און וואוהין זי איז געגאַנגען, האָט זי אויך ניט געוואוסט. וואָס ווייטער זי איז געגאַנגען, אַלץ העכער איז דער באַרג געוואַקסען. דעם שפּיץ האָט זי ניט אָנגעזען, ווייל ער איז געווען פאַרשלונגען פון אַזעלכע ווייסע וואָלקענדלאַך.

רייזעלע איז שוין געגאַנגען אפשר אַ טאָג מיט אַ נאַכט און אפשר נאָך מער. און ס'איז געווען אַזוי היים, עס האָט איר געברענט דעם קאָפּ און קיין סוף צו דעם האָט זי ניט געזען. האָט זי זיך שוין געוואָלט צעוויינען, אַזוי ביטער איז איר געווען אויפ'ן האַרצען.

פלוצלינג האָט זי דערזען אַ קליין מענשעלע, ווי אַ פינגער די גרויס, אָנגעטאָן אין אַ רויט מיצעלע און אַזאַ פריילאַכס אַז רייזעלע האָט דאָס מענשעלע דערזען, האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט. זי האָט פאַרגעסען אָן דעם געוויין און עס איז איר געווען פריילאַך... און דאָס קליינע מענשעלע האָט געטאַנצט איבער די שטיינער, און דאָס רויטע מיצעלע מיט'ן פייערדיגען טרעלדעלע האָט זיך געטריי-סעלט באַ דעם.

און דאָס קליינע מענשעלע איז צוגעשפרונגען צו רייזעלען און עפּעס אָנגעהויבען צו מאַכען מיט'ן מויל. רייזעלע האָט פאַר-שטאַנען, אַז דאָס מענשעלע רעדט עפּעס, אָבער זי האָט ניט געהערט, וואָרים דאָס מענשעלע איז געשטאַנען ביי די קנעכלען פון אירע פיס. האָט רייזעלע זיך אָנגעבויגען און אויפגעהויבען דאָס מענשעלע אויף די הענט. דאָס מענשעלע האָט זיך צוגעבויגען צו רייזעלעס אויער און איר געזאָגט:

— איך בין פאַרבלאָנדזשעט געוואָרען פונ'ם קאַרליקלאַך-לאַנד... האָסט עפּעס צו עסען? איך גיי אויס פון הונגער...

האָט רייזעלע אַרויסגענומען אַ גרויס שטיק ברויט פון אַ קעשענע אין איר קליידעלע און עס דערלאַנגט דעם קאַרליקעל. אָבער דאָס קאַרליקעל האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס גיסטו מיר אַזוי פיעל? הונדערט טויזענט קאַרליקלאַך באַ אונז אין לאַנד קענען זיך אָנעסען מיט אַזאַ שטיק ברויט.

און דאָס קאַרליקעל האָט אָפּגעבראָכען אַ ברעקעלע און גע-געסען.

דערווייל איז אָנגעקומען פון ערגעץ רייזעלעס טאַטע און גע-מאַכט אַ געוואַלד אויף רייזעלען:

— וואָס שלעפּסטו זיך אַרום אויף בערג? קום שוין אַהיים.

און אַז ער האָט דערזען דאָס קאַרליקעל, האָט ער זיך צעלאַכט:

— וואו האָסטו גענומען די פּופּע?

— דאָס איז ניט קיין פּופּע, פּאַפּאַ, דאָס איז אַ לעבעדיג מענשעלע... עס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט פונ'ם קאַרליקלאַך-לאַנד...

האָט דער טאַטע געכאַפּט רייזעלען אויף די הענט און האָט זי גענומען טראָגן מיט'ן מענשעלע אינאיינעם אַהיים. איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסען אַ ווילדער ריז, מיט אַזאַ גרויסער באָרד, אָנגעטאָן אין שטיקער פעל פון אַ בער און מיט הענט און פיס ווי הונדערט-יאָריגע דעמבעס.



איידער וואָס ווען האָט דער ריז אָנגעכאַפּט דעם טאַטען, וועלכער האָט געטראָגן רייזע-לען אויף די הענט און רייזעלע האָט געטראָגן דאָס קאַרליקעל און ער האָט זיי אַלעמען אַוועק-געשטעלט אויף איין האַנט זיי-נער.

— וואַרט, קינדערלאַך, — האָט דער ריז געזאָגט, — איך וועל אייך באַלד אָפּבראָטען און אויפעסען...

באַם טאַטען האָבען זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר פאַר שרעק, און רייזעלע האָט אָנגע-הויבען צו ציטערן, נאָר דאָס קליינע מענשעלע האָט זיך ניט דערשראָקען און האָט שטילער-הייט גענומען קלעטערען אויפ'ן ריז ביז עס איז צוגעקומען צו זיין נאָז. און אַז עס איז צוגעקומען צו זיין נאָז, האָט עס גענומען מיט'ן מינדסטען פינגערעל, וואָס איז געווען דין ווי אַ שטרוי, צו פּאָרקען באַם ריז אין נאָז.

דער ריז האָט אָנגעהויבען צו דרייען מיט דער נאָז און דאָס קליינע מענשעלע האָט ווייטער געפּאָרקעט. ביז דער ריז האָט מער

ניט געקענט אויסהאַלטען און האָט אַ נאָס געטאָן. דער נאָס איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז די בערג האָבען אַ ציטער געטאָן און דער טאַטע מיט רייזעלען, מיט'ן קליינעם מענשעלע זענען אַראָפּגעפאַלען פון זיין האַנט.

דער טאַטע האָט געכאַפּט רייזעלען און איז אַנטלאָפען און...

דאָ האָט זיך רייזעלע אויפגעכאַפּט און געזען, אז די גאַנצע מעשה איז ניט מער ווי אַ חלום. זי איז גאָר געשלאָפען אין איר בעטעלע.

# דאָס אינגאַלע מיט דער באָרד

פון שטענדיג אָן, אַז בעני האָט געזען ווי דער טאַטע רייכערט די גראָבע סיגאַרען, ווי ער זיצט זיך אַזוי אויפ'ן ווינשטול, וויגט זיך און לאָזט אַרויס דעם רויך פונ'ם מויל, האָט ער זיך געטראַכט: אָ, ווי גוט דאַרף עס זיין צו רייכערען!

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן וויגשטול, וואָס שטייט קעגענאיבער דעם טאַטענ'ס און האָט זיך אויך גענומען וויגען. צווישען צוויי פינגער האָט ער געהאַלטען אַ שטיקעל בליי-פעדער, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ סיגאַר. ער האָט געקניטשט דעם שטערען, ווי דער טאַטע, געבלאָזען דעם רויך און געוויגט זיך.

און בעני האָט תמיד געוואָלט שוין זיין אַ גרויסער און קענען זיין ווי דער טאַטע. אָבער ווי אַזוי ווערט מען אַ גרויסער? ער איז אַלט ערשט זיבען יאָר, און ס'איז נאָך אַזוי לאַנג צו וואַרטען. ווען ער זאָל קענען מיט אַמאָל גרויס ווערען. איי, וואָלט דאָס געווען גוט, איי, וואָלט ער זיך צוגעכאַפּט צו די סיגאַרען! אייביג וואָלט ער גערייכערט.

איינמאָל איז בעני צוגעקומען צום טיש און האָט דערזען דאָס סיגאַרען-קעסטעל. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז קיינער זעט ניט, האָט ער גענומען אַ סיגאַר פונ'ם קעסטעל, און אים לאַנג באַטראַכט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן וויגשטול, אויף וועלכען דער טאַטע זיצט שטענדיג, און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז שוין אויסגעוואַקסען, אַז ער איז שוין גרויס.

אָבער דאָ איז אַריינגעקומען בעני'ס זיידע און ער האָט בעני'ן צוגערופען:

— קום אַהער, בענעלע. וואָס האַלטסטו אין האַנט?

בעני האָט זיך דערשראָקען און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פונ'ם וויגשטול:

— איך, זיידע, האַלט אַ בליי-פעדער...

האָט זיך דער זיידע צעלאַכט און געזאָגט:

— האָסט פאַרגעסן, בענעלע, דו האַלטסט אַ סיגאַר. איך וועל דיר דערציילען אַ מעשה'לע פון אַ אינגעל, וואָס האָט גערייכערט אַ סיגאַר. קום, זעץ זיך דאָ אויף דער קאַנאַפּע. און דער זיידע האָט דערציילט:

אַמאָל איז געווען אַ אינגעלע, בערעלע האָט ער געהייסען, איז ער אַלט געווען זיבען יאָר און איז געווען פּונקט אַזוי גרויס ווי דו. האָט בערעלע געזען ווי דער טאַטע רייכערט סיגאַרען, האָט ער אויך געוואָלט רייכערען און זיין אַזוי ווי דער טאַטע. וואָס זשע האָט ער געטון? איז ער איינמאָל, שטילערהייט, צוגעגאַנגען צום טאַטענ'ס סיגאַרען־קעסטעל און האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַר און אים פאַר־רייכערט.

דאָס איז געווען אין אָוונט. מער ווי צוויי מאָל האָט ער ניט געקענט אַ צי טאָן, וואָרים דער רויך איז אים אַריין אין האַלז און האָט אים גענומען שטיקען. אין די אויגען האָבען זיך אים געשטעלט טרערען און דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט. האָט ער דעם סיגאַר אַוועקגעוואָרפען און איז אַנטלאָפען אין שלאָפצימער און זיך געלייגט שלאָפען. אָבער דאָס איז געווען געננג, און ווען בערעלע איז אויפגע־שטאַנען אינדערפרי, האָט ער דערזען, אַז עפּעס איז אים אויסגע־וואַקסען. איבערנאַכט איז אים אויסגעוואַקסען אַ באָרד, אַ לאַנגע באָרד.

האָט זיך בערעלע שטאַרק דערשראָקען און ער איז צוגעלאָפען צו דער מאַמען:

— מאַמע, גיב נאָר אַ קוק, וואָס איז באַ מיר אָט דאָ?...

האָט זיך די מאַמע געכאַפּט באַם קאָפּ:

וו—יי איז מיר, ס'איז דיר אויסגעוואַקסען אַ באָרד...

האָט בערעלע'ס מאַמע גענומען בערעלען פאַר אַ הענטעל און איז מיט אים געלאָפען צום טאַטען. דער טאַטע האָט אַ קוק געטון אויף בערעלע'ן און האָט אים געפרעגט:

— ווי קומט צו דיר אַ באָרד? האָסט גערייכערט מיינעם אַ סיגאַר...

— איך האָב געריכערט... — האָט זיך בערעלע צעוויינט. — כ'האָב נאָר צוויי ציי געטון... הו-הו-הו... כ'האָב ניט געוואוסט אַז ס'וואַקסט אויס אַ באָרד...

און בערעלע'ס באָרד איז דערווייל געוואָרען אַלץ לייגער און לייגער. און זי איז אויסגעוואַקסען אַזוי לאַנג, אַז זי האָט זיך אים געפּלאָנטערט אונטער די פיס. ער איז געגאַנגען, און די באָרד האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט.

איז בערעלע אַ וויינענדיגער געגאַנגען צום באַרבער, האָבען אים דערזען די קינדערלאַך פון גאַס און זיי האָבען זיך אָנגענומען אין אַ ראָד און געטאַנצט אַרום אים, און געלאַכט פון אים און געזונגען:

בערעל, בערעל, בערעל באָ,

אין אַ מזל'דיגער שעה,

ביסט אַ זיידע שוין אַציגד,

כאָטש ביסט נאָך אַ פּיצעל קינד...

בערעל, בערעל, בערעניו...

ביסט שוין אונזער זיידעניו...

האָט בערעלע געוואָלט אַנטלויפֿען, האָט ער זיך פֿאַרטשעפּעט אָן זיין אייגענער באָרד און איז געפֿאַלען. האָבען אים די קינדער אויפֿגעהויבען און האָבען ווייטער געטאַנצט אַרום אים און געזונגען:

בערעל, בערעל, בערעל נאַר,
האָט געררייכערט אַ סיגאַר,
האָט ער שוין אַ לאַנגע באָרד,
קען ניט רירען זיך פֿון אָרט,
לייגנער איז זי פֿון אים באַלד,
און געדריכט נאָך ווי אַ וואַלד...

איז געקומען בערעלע'ס טאַטע און האָט אים אָוועקגעטראָגען צום באַרבער און מ'האָט אים אַראָפּגענומען די באָרד...

אָט אַזוי, בענעלע, האָט זיך געטראָפֿען מיט אַ אינגעלע, וואָס האָט גערייכערט דעם טאַטענ'ס סיגאַר.

בעני איז געזעסען שטיל, און אַז דער זיידע האָט געענדיגט דאָס מעשה'לע האָט ער זיך אָנגערופֿען צום זיידען:

— כ'וועל, זיידעניו, קיינמאָל ניט נעמען קיין סיגאַרען פֿונ'ם טאַטענ'ס קעסטעל.



# די קעניגין־קראָקאָדיל

אין אַ ווייטען לאַנד האָט געלעבט אַ קעניגין אין אַ וואונדער־לאַכען קרישטאָלענעם פּאַלאַץ. געווען איז די קעניגין אַ בייזע און זי האָט פיינט געהאַט אַלע מענשען פון איר לאַנד. זי האָט געריסען פונ׳ם פאָלק הויכע שטייערען און אַז איינער איז געווען אָרים און האָט ניט געקענט באַצאָלען, האָט זי באַפוילען אירע דינער זיי זאָלען יענעם אַזוי לאַנג שמייסען ביז ער וועט די שטייערען אָפּצאָלען און אַז ער וועט ניט האָבען צו באַצאָלען, זאָלען זיי אים פאַרשמייסען ביז טויט, זי דאַרף האָבען איר פאָלק נאָר אויף אָפּצאָלוגגען און דעם וואָס האָט ניט צו צאָלען, דאַרף זי ניט און ער מעג שטאַרבען.

קיינער פונ׳ם פאָלק האָט נאָך קיינמאָל איר געזיכט ניט געזען און ער האָט ניט געוואוסט צי איז זי אַ יונגע, צי אַן אַלטע. מע האָט דערציילט וועגען איר אַ סך לעגענדעס. איינינגע האָבען געזאָגט אַז זי איז גאָר אַ האַלב מענש און אַ האַלב יאַשטשערקע. אַנדערע האָבען געזאָגט אַז זי איז גאָר אינגאַנצען אַ קראָקאָדיל און די האַרען פונ׳ם הויף האַלטען זי באַהאַלטען און טוען אָפּ אַלע בייזקייטען דעם פאָלק און זאָגען אַז זי האָט עס געהייסען. שולדיג זענען גאָר די האַרען, זיי האָבען די יונגע קעניגין גע׳הרג׳עט און אַריינגענומען דעם קראָקאָדיל און האָדעווען אים די גאַנצע צייט.

און אַלטע לייט האָבען דערציילט אַזעלכע געשיכטעס: זיי געדיינקען נאָך מיט יאָרען צוריק, ווען די קעניגין איז נאָך געווען אַ יונג מיידעלע און איר פאָטער דער גוטער קעניג האָט נאָך געלעבט. ער איז מיט איר אומעטום אַרומגעפאָרען, אוים געווען מיט איר אַלע לענדער און יעדער איינער האָט די פּרינצעסין דעם קעניגס איינציגע טאָכטער, ליב געהאַט. שיין איז זי געווען ווי די זון און אַזוי גוט איז זי געווען, אַז זי האָט אויף יעדען איינעם רחמנות געהאַט. אפילו אויף אַ פליג האָט זי רחמנות געהאַט.

צווישען דעם קעניגס האַרען איז געווען איינער אַן אַלטער, איז ער געווען שלעכט און ער האָט געקענט טון כישוף. איז אַז די

פרינצעסין איז אַלט געוואָרען 15 יאָר, האָט ער זי געוואָלט נעמען פאַר אַ ווייב. פון אַלע לענדער זענען געקומען שיינע יונגע פרינצען, האָבען געבראַכט מתנות, די שענסטע זיידענשטאָפען, די טייערסטע דימענטען און בריליאַנטען און טעפּיכער און וועבערייען האָבען זיי געבראַכט און זיי האָבען זיך געבוקט פאַר׳ן קעניג און פאַר דער גוטער פרינצעסין און האָבען באַפוילען זייערע דינער צו דערלאַנגען דעם קעניגס טאָכטער די מתנות. דעם קעניג האָט יעדער פון זיי געבעטען ער זאָל אים געבען די פרינצעסין פאַר אַ ווייב, וועט ער פאַר איר אויסבויען אַ פּאַלאַץ פון לויטער גאָלד מיט דימענטען באַזעצט.

— איר זענט מיר אַלע געפעלען, — האָט דער קעניג גע-ענטפערט, — און איך ווייס ניט וועמען פון אייך אויסצוקלייבען פאַר מיין טאָכטער. בעסער וועט די פרינצעסין אַליין זיך אויס-קלייבען דעם, וואָס וועט איר זיין מער צום האַרצען און איך וועל זי בענטשען מיט איר מאַן.

און די פרינצעסין האָט ניט געוואוסט וועמען צו נעמען, ווייל אַלע זענען איר געווען צום האַרצען.

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר און צוויי, דער קעניג איז דערווייל געשטאָרבען און דאָס גאַנצע קעניגרייך איז געבליבען פאַר דער פרינצעסין. דאַמאָלס איז געקומען דער אַלטער בייזער האַר און האָט געזאָגט צו דער פרינצעסין:

— זיי וויסען אַז דיין פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט פאַר׳ן טויט אַז איך זאָל מיט דיר חתונה האָבען...

האָט זיך די יונגע פרינצעסין צעלאַכט און האָט אים פאַרטריבען פון אירע אויגען. און צו יענער צייט איז געקומען פון אַ ווייטען לאַנד אַ יונגער פרינץ, אַ הויכער, אַ שיינער. קיין מתנות האָט ער מיט זיך ניט געבראַכט, קיין דינער אויך ניט, אַליין איז ער געקומען און ווי נאָר די פרינצעסין האָט אים דערזען, האָט זי אים באַלד ליב באַקומען און זי האָט געזאָגט אַז מיט אים וועט זי חתונה האָבען און ער וועט ווערען דער קעניג פונ׳ם לאַנד.

דער אַלטער, בייזער האַר האָט זיך אונטערגעהערט און ער האָט צו זיך אַזוי געזאָגט: „מיר וועלען שוין זען צי דו וועסט

חתונה האָבען מיט דעם יונגען פּרינץ. איך וועל אייך שוין אַזוי אָפּטון, אַז איר וועט שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבען"... און ער האָט געוואַרט וועןביידע וועלען זיין אינאיינעם ער זאָל זיי אָפּטון כּישוף.

דער פּרינץ איז שוין געבליבען אין פּאַלאַץ און אַלע האָבען אים ליב באַקומען, וואָרים ער איז געוועזען זייער אַ גוטער און האָט זיך ניט געהאַלטען גרויס בײַ זיך. מיט איטלאַכען איז ער געוועזען פריינט־לאַך און גוט.

איינמאָל, ווען דער פּרינץ מיט דער פּרינצעסין זענען געזעסען אין פרוכטגאָרטען אונטער אַן עפּעלבוים און האָבען צווישען זיך גערעדט, איז געקומען צופליען אַ ראָב און האָט זיך געזעצט פּונקט איבער זייערע קעפּ און האָט גענומען קראַקען מיט אַזאַ געוויין אַז סע האָט אַזש פאַרכאַפּט בײַם האַרצען. האָט זיך די פּרינצעסין אָנגערופען:

— סע איז אַ רחמנות אויפ'ן ראָב. זע נאָר ווי נאַס ער איז, דורכגעווייקט. ער איז געוויס געקומען פון ערגיץ ווייט און ער איז מיד און הונגעריג. לאָמיר אים אַריינגעמען אין הויז און אָנוואַרעמען און גיבען עסען.

איז עס דעם פּרינץ זייער געפעלען געוואָרען וואָס די פּרינצעסין האָט אַזאַ גוט האַרץ און ער האָט געזאָגט:

— דו ביסט די בעסטע פון אַלע מיידלאַך וואָס איך האָב געזען. מיר וועלען דעם ראָב אַריינגעמען אין פּאַלאַץ.

און ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער מאַרמאָרנער באַנק און האָט אַראָפּגענומען דעם ראָב. די פּרינצעסין האָט אים צוגע־טוליעט צום האַרצען און זיי זענען ביידע אַריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ. באַנאַכט האָט די פּרינצעסין אין איר צימער דערהערט ווי אַ ווינט האָט זיך אַרומגעיאָגט און זי האָט אויך געהערט ווי הינט האָבען געוואָיעט. און אַז זי האָט אויפגעעפענט די אויגען, האָט זי געזען אַז איבער איר בעט, אויפ'ן קאָפּשטיק שטייט דער ראָב און קראַקעט. האָט זי אויסגעשטרעקט די הענט אים נעמען, איז ער פּלוצלינג אַראָפּגעשפּרונגען און סע איז פון אים געוואָרען אַ מענש. און געוועזען




. . . און אַ שוואַרצער ראָב האָט זיך געזעצט אויפ'ן בוים איבער זייערע קעפּ און געקראַקעט און געשראָקען די יונגע פּרינצעסין.

איז עס דער אַלטער בייזער האַר. זי האָט געוואָלט שרייען, אָבער ער האָט אויף איר געגומען וואַרפען גרויע פעדערען פון אַ ראָב און זי איז געוואָרען אַלט און מיאוס און באַלד איז זי גאָר געוואָרען אַ קראָקאָדיל.

און באַם פרינץ אין צימער האָט אויך דאָס זעלבע געטראָפען, נאָר אים האָט דער כישוף מאַכער פאַרוואָרפען ווייט און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער געווען אין געדיכטען וואַלד, צווישען ווילדע חיות און אַזעלכע באַשעפענישען וואָס ער האָט אַזעלכע אויף זיין לעבען קיינמאָל ניט געזען.

און פון דאַמאָלסט אָן ווערט די קעניגין אַלע אינדערפרי אַ קראָקאָדיל און באַטאָג איז זי אַן אַלטע פרוי. און זי איז שלעכט און בייז און קיינעם וויל זי ניט זען. זי גייט ניט אַרויס פון איר צימער, נאָר זי גיט אירע באַפעלען דורך דער טיר. דער אַלטער בייזער האַר איז שוין געשטאָרבען און סע איז נישטאָ ווער סע זאָל פון איר דעם כישוף אַראָפּנעמען. זי וועט שוין אַזוי זיין ביז די לעצטע טעג פון איר לעבען.

אַזוי דערציילען די אַלטע לייט פונ׳ם לאַנד, אָבער קיינער ווייסט ניט, צי די רייד זייערע זענען אמת׳ע.

איינמאָל איז אין דער קרוינשטאָט געקומען אַ מאַן, אַ פאַר־וואַקסענער, אָנגעטון אין אַ גראָבען מאַנטעל, אין גרויסע שווערע שטיוועל און מיט אַ שטעקען אין האַנט. ער איז געקומען און האָט זיך גענומען נאָכפרעגען אויף דער קעניגין פון לאַנד און געזאָגט אַז ער וויל זי זען. האָבען אַלע געלאַכט פון אים:

— וואָס זאָגסטו, ווי וועסטו קענען זען די קעניגין? מיר וואוינען שוין דאָ יאָרען און מיר האָבען זי נישט געזען.

— זאָל אייך נ׳ט אַרען, — האָט דער פאַרוואַקסענער מאַן גע־זאָגט, — איך וועל זי זען און דערנאָך וועט איר זי אַלע זען און זי וועט ווערען גוט אַז איר וועט זי אַלע ליב באַקומען.

און דער פרעמדער האָט אַריינגעשיקט דער קעניגין אַ קעסטעלע דורך אירע דינער. אַז די קעניגין האָט אויפגעעפענט דאָס קעסטעלע, האָט איר געזיכט אויפגעשיינט און זי האָט געהייסען ברייגגען צו זיך דעם מאַן. סע איז געוואָרען אַ רעש אין שטאָט און איבער׳ן

גאַנצען לאַנד: די קעניגין האָט געהייסען ברייגגען צו זיך אַ פרעמדען מאַן!...

און אין צוויי טעג אַרום האָט די קעניגין געמאַכט אַ גרויסע סעודה אין איר גאָרטען און צונויפגערופען דאָס גאַנצע פאָלק און זי האָט דערציילט די געשיכטע פונקט ווי די אַלטע לייט האָבען דערציילט. און דער פרעמדער איז געווען דער פרינץ, וואָס דער אַלטער כישוף מאַכער האָט אים פאַרוואָרפען אין אַ געדיכטען וואַלד. און אין קעסטעלע איז געלעגען אירער אַ בראַסלעט וואָס זי האָט געגעבען דעם פרינץ אַ מתנה. אַז זי האָט דערזען דאָס קעסטעלע, האָט זיך פון איר אָפּגעטון דער כישוף און זי איז געוואָרען אַ מענש מיט אַלעמען גלייך.

פון דעמאָלסט אָן איז די קעניגין געוואָרען אַ גוטע און אַלע אין לאַנד האָבען זי געבענטשט און געלויבט. דאָס פאָלק האָט מער קיין שטייערען ניט געצאָלט און די האַרען האָבען קיינעם נישט געשמיסען.

און זיי איז גוט און אונז איז נאָך בעסער, מיר עסען האָניג מיט די לעפלען, זיי אויפ׳ן שפּיץ מעסער.

# זעלדע און גאָלדע

זעלדע און גאָלדע זענען געווען חבר'טעס. זיי האָבען געוואוינט איין הויז לעבען אַנדערען און זיי פלעגען שטענדיג זיך שפּילען צו־זאַמען. ווינטער פלעגען זיי זיך גליטשען אויף די שליטעלאַך און זומער פלעגען זיי זיך גלאַט אַזוי אומשלעפען איבער די גאַסען, אָדער שפּילען זיך מיט „מאַרבעלס", צי טאַנצען איבער אַ שטריק.

און אַז טאָמער האָבען זיי זיך אַמאָל צעקריגט איבער אַ שפּיעל־אַכעל, צי איבער אַן אַנדער זאַך, זענען זיי ביידע אַרומגעגאַנגען טרויעריגע און געביינקט איינע נאָך דער אַנדערער.

— ווען זעלדע זאָל איצטער צוקומען צו מיר, — האָט גאָלדע געטראַכט, — און וואָלט מיר געזאָגט נאָר איין וואָרט, וואָלט איך זיך באַלד איבערגעבעטען, וואָרים איך טראָג אויף איר ניט קיין הארץ...

און זעלדע האָט אויך דאָס זעלבע געטראַכט. אָבער אַמאָל האָט געקענט נעמען אַ גאַנצען טאָג און זיי זאָלען זיין ברוגז, וואָרים ביידע האָבען זיי געוואַרט אַז די אַנדערע זאָל קומען. און אַז סע איז שוין געקומען פאַרנאַכט און בא ביידע זענען שוין די הערצער אויס־געגאַנגען, האָבען זיך ביידע געלאָזט לויפען איינע אַקעגען דער אַנדערער מיט אויסגעשטרעקטע הענט און מיט אויסגעשרייען:

— זעלדע!

— גאָלדע!

— זעסט מיין מאַמע האָט מיר געקויפט אַ פּיפּעלע מיט אַ ביינערן פּיסקעלע. ווילסט, זעלדע, פּיפּען?

— און מיין אָנקעל האָט מיר געקויפט אַן אויטאָמאָביל, וואָס מע דרייט אים אָן. ווילסט אָנדרייען?

און ביידע קינדער האָבען שוין ווידער זיך געשפּילט צווישען זיך און זיי האָבען אָפּגעמאַכט קיינמאָל מער ניט צו קריגען זיך. נאָר שלעכטע קינדער קריגען זיך. גוטע קינדער לעבען אַלעמאָל גוט צווישען זיך און ווערען ניט ברוגז...

אויף דער גאַס לעבען די הייזער, וואו ביידע קינדער האָבען געוואוינט, איז אַלע מאָל געשטאַנען אַן אַלטער מאַן און האָט פאַרקויפט אַלערליי זאַכען: בענדלאַך צו שיך, האָר נאָדלען, שטיקלאַך זייף און אַזוינע שיינע פלעשעלאַך מיט שמעקעדיג וואַסער אין זיי.

און דער מאַן איז געוועזען אַזאַ גוטער און ער פלעגט אַלעמאָל דערציילען זעלדעלען און גאָלדעלען אַזעלכע שיינע מעשה׳לאַך. האָבען אים די קינדער שטאַרק ליב געהאַט און זיי פלעגען אים רופען „זיידע מאָטעל״, כאָטש ער איז גאָר זייער זיידע קיינמאָל ניט געוועזען.

איינמאָל זענען די מאַמעס פון ביידע קינדער ערגעץ אוועקגעגאַנגען און זיי האָבען זיי אָנגעזאָגט:

— איר זאָלט זיך, קינדערלאַך, שפּילען אין גאַס ביז מיר וועלען קומען און מיר וועלען אייך ברייענגען שיינע זאַכען.

און די קינדער זענען געבליבען אַליין. אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי זיך געשפּילט און אַז סע איז געוואָרען שוין נאַכט און די מאַמעס זענען נאָך אַלץ ניט געקומען, איז זיי געוואָרען עפּעס אַזוי אומעטיג אַז סע האָט זיך זיי געוואָלט וויינען. זיי האָבען זיך אָנגענומען פאַר די הענטלאַך און זענען אַזוי אומגעגאַנגען אַהין און אַהער.

— ווייסטו וואָס גאָלדעלע, — האָט זעלדעלע געזאָגט, לאָמיר צוגיין צום זיידע מאָטעל, וועט ער אונז עפּעס דערציילען ביז דיין מאַמע און מיינע וועלען אַהיימקומען.

— ביסט טאַקע גערעכט, זעלדעלע, זיידע מאָטעל וועט אונז דערציילען אַ סך שיינע מעשה׳לאַך.

— און אַז טאָמער וועט מיין מאַמע גאָר אין גאַנצען ניט אַהיימקומען?

— און אַז טאָמער וועט מ י י ן מאַמע ניט אַהיימקומען?

— וועל איך וויינען...

— און איך וויין שוין...

און זיי האָבען זיך ביידע צעוויינט אויפ׳ן קול און זענען אַזוי צוגעקומען צום זיידע מאָטעל, וועלכער האָט שוין געוואָלט אַהיימגיין. אַז ער האָט זיי דערזען פון וויטענס ווי זיי קומען וויינענדיגע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיי צוגערופען:

— קומט אַהער, קינדערלאַך, וואָס איז עפּעס פּאַר אַ געוויין אויף אייך? זע נאָר ווי זיי גייען עס אום באַרוויסע און וויינען...

— זיידע מאָטעל, זיידע מאָטעל, האָבן זיי ביידע אויסגעשריען און ווייטער ניט געקענט רעדן פון געוויין.

— וואָס זיידע מאָטעלט איר אַזוי פיל? וואָס איז מיט אייך געשען? נו, דערציילט גיכער, איך האָב קיין צייט ניט.

און זיי האָבן ביידע דערציילט וואָס מיט זיי איז געשען אַז די מאַמעס זענען אַוועקגעגאַנגען און ניט צוריקגעקומען.

— זייט ניט קיין נאַרישע קינדער די מאַמעס אייערע האָבן זיך מסתמה ערגעץ פאַררעדט. נו, הערט אויף צו וויינען, וואָרים אַניט וועט די בת מלכה פון בלומענלאַנד מער ניט קומען צו אייך. זי האָט פיינט וויינענדיגע קינדער...

דאָס איז אַזאַ מעשה'לע וועגן אַ בת מלכה פון בלומענלאַנד וואָס קומט צו גוטע קינדער און ברענגט זיי מתנות. און אַז די קינדער האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אויסגעווישט די אויגען און שוין מער ניט געוויינט. דער זיידע מאָטעל האָט זיי געקויפט צו שטיקלאַך שאָקאָלאַד און האָט גענומען זיין קויש מיט די בענדלאַך און אַנדערע זאַכען און אָנזאָגענדיג זיי צו וואַרטען און ניט שרעקען זיך, איז ער אַוועקגעגאַנגען.

אָבער די קינדער האָבן באַלד פאַרגעסען וואָס זיידע מאָטעל האָט זיי אָנגעזאָגט און זיי האָבן ווייטער אָנגעהויבן צו וויינען. איבער דער גאַס געגאַנגען אָנגענומען פאַר די הענטלאַך און געוויינט אויפ'ן קול. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט און אייניגע האָבן אפילו געוואָלט זיי טרייסטען, געפרעגט וואָס זיי וויינען, אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט ענטפערען.

איז זיי אַקעגען געקומען אַן אַלטע אידענע מיט אַ קויש מיט בייגעל. און די אַלטינקע האָט זיי אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— וואָס וויינט איר, קינדערלאַך, אייניקלאַך קליינינקע? ווער האָט אייך שלעכטס געטון, פייגעלאַך?

האָבען זיך די קינדערלאַך אָפּגעשטעלט און דערציילט דער אַלטינקער אַז זייערע מאַמעס זיינען אַוועק געגאַנגען און זענען נישט צוריקגעקומען און ווער ווייסט צי זיי וועלען צוריק קומען, צי דער ריז מיט איין אויג האָט זיי ניט אויפגעגעסען...



— זייט ניט קיין נאַרעלאַך, קינדערלאַך, עס איז נישטאָ קיין ריז מיט איין אויג, דאָס איז נאָר אַ מעשה׳לע אַזאַ...

— אָבער וואו איז מיין מאַמע? — האָט זעלדעלע געכליפּעט און האָט אַזש געציטערט פון געוויין.

— און וואו איז מיין מאַמע? — האָט גאָלדעלע אונטערגעהאַלטען, — סע איז מיר קאַלט און איך בין הונגעריג...

— אייערע מאַמעס האָבען זיך ערגעץ פאַררעדט, — האָט די אַלטיטשקע געזאָגט, — נאַט אייך צו בייגעל און גייט זעצט זיך אַוועק אויף די טרעפּלאַך פונ׳ם הויז און וואַרט אויף אייערע מאַמעס.

די קינדער האָבען גענומען די בייגעל און זענען געגאַנגען צום הויז וואו זעלדע האָט געוואוינט און האָבען זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּעל און האָבען זיך איינגעטוליעט איינס אין אַנדער-ען.

— ווייסט, זעלדעלע, — האָט זיך גאָלדעלע שטילערהייט אָנגע-רופען, — איך וואָלט געוואָלט דער ריז זאָל קומען און מיך אויפעסען. זאָל די מאַמע מיינע וויינען. זאָל זי וויסען ניט אַ וועקצוגיין און מיך לאָזען אליין...

— שאַ, זעלדעלע. רעד ניט אַזוי מע טאָר אַזוי ניט רעדען...

און אַזוי איינגעטוליעטערהייט זענען זיי ביידע אָנשלאָפען גע-וואָרען.

# שמול׳עק אין פאס

פאַר פסח. דער שניי איז שוין צעגאַנגען. די זון האָט שוין אויסגעטרוקענט די בלאָטע און אין שטעטעל האָט מען זיך גענומען שמירען די הייזער, ווישען די פענסטער און שייערען און סקראַבען די טירען און די דילען.

אַך, ווי גוט סע איז פאַר פסח אינ׳ם שטעטעל! סע איז וואַרים און ליכטיג, וואַרפסט אַראָפּ פון זיך די שווערע ווינטערדיגע קליידער און אַז סע שיינט גוט די זון, טוסטו זיך אויך אויס באָרוויס און דו טאַנצסט אַרום אויף דער ווייכער, נאָך אַביסעל פייכטער ערד. און אַז דו גייסט אַרויס הינטער׳ן שטעטעל, זעסטו ווי דער באַרג איז שוין גרין און ציגעלאַך שפּרינגען אַרום אויף אים מיט פאַרריסענע עקעלאַך און הינטעלאַך לויפען זיי נאָך און בייסען זיי אויף קאַטאָוועס.

און אַז סע גייט אַ וואַרעמער רעגען, הייבען אָן צו לויפען באַ די זייטען פון די געסלאַך, אין די רינשטאָקען, שטורעמדיגע שטראָמען און סע דאַכט זיך דיר אויס אַז זיי פּלאַפּלען און דערציילען דיר עפּעס אַ שיין מעשה׳לע וואָס דו וואָלסט עס געהערט אַ גאַנצען טאָג, כאָטש דו פאַרשטייסט ניט וואָס סע מיינט. די ביימער ווערען נאָדעלדיג און סע הייבען אָן אַרויסצושפּראָצען אויף זיי קליינינקע בלעטעלאַך. די פייגעלאַך קומען צופליען און מיט געזאַנג הייבען זיי אָן צו בויען נעסטען פאַר זיך פון בלאָטע און שטרוי אונטער די דעכער.

אַלע קינדער האָבען ליב דעם פאַר פסח, וואָרים זיי הערען אויף צו גיין אין חדר אַ גאַנצען חודש און זיי קענען זיך שפּילען אין דרויסען וויפיל זיי ווילען. שפּילען זיי אין ניס, אין פילקע, אין „קוטש" און אין אַנדערע שפּילען. איבער די גאַסען טראָגט מען מצה אין ליילאַכער און די קינדער לויפען נאָך און כאַפּען צו שטיקלאַך מצה און קוויקען זיך: אַי, ווי גוט, אַ גאַנץ יאָר וואָלטען זיי געגעסען מצה...

שמואל׳עק איז נאָך אין חדר ניט געגאַנגען, ווייל ער איז נאָך געווען גאָר אַפּיצעל, אָבער געפרייט האָט ער זיך מיט׳ן פאַר פסח

גלייך מיט אַלע קינדער. ער האָט ליב געהאַט נאָכצוטון עלטערע
קינדער און ער האָט זיך שטענדיג געפּלאָנטערט אונטער די פיס.
אַז אַ אינגעלע האָט געוואָרפן אַ פּילקע אין דער לופטען און פאַר-
ריסען דעם קאָפּ אין דער הויך צו זען ווי ווייט זי איז געפלויגען, איז
שמואל'עק באַלד אויסגעוואַקסען און האָט אויך פאַרריסען דעם קאָפּ

און אויך אויסגעשטרעקט די הענט אויף ארויף צו כאַפּען די פּילקע און דערביי האָט ער אונטערגעטאַנצט און אונטערגעזונגען.

ניט איימנאָל האָט ער געכאַפּט אַ מיאוסען אָפּשניט, די קינדער האָבען אים דערלאַנגט גוטע קלעפּ פאַר שטופּען די נאָז וואו מען דאַרף ניט, אָבער אים האָט עס ניט געאַרט, ער האָט זיך ווייטער געטון זיינס און געפּלאָנטערט זיך אונטער די פיס און פאַרלאָפען יעדען דעם וועג.

און אין הויז איז געוועזן ניט בעסער. די מאַמע איז פאַר פּסח געוועזן פאַרנומען מיט'ן ראַמען, וואַשען און שייערען און זי האָט אים געטריבען פון זיך ער זאָל איר ניט שטערען אין דער אַרבייט און ער איז דוקא יאָ געקראָכען. און אָנגעמאַכט האָט ער שאָדען, און אויס-געגאָסען, און איבערגעקערט, און צעבראָכען.

די מאַמע שטייט אין אַלקער און ווישט די פענסטער, פּלוצלינג הערט זי — טראַך! וואָס האָט געטראָפען? גאָרניט, שמואל'עק האָט צעבראָכען אין קיך אַ פּסח'דיגע מאקערטע, און וועלכער די מאַמע האָט איינגעווייקט גענזען שמאַלץ. „אַ ווינד איז מיר, אַ בראָך איז מיר וואָס האָסטו געטון? אַ נייע מאקערטע"...

— איך האָב געוואָלט אוועקטרייבען די קאַץ, האָב איך געכאַפּט אַ שטעקען...

אָדער אַמאָל קומט ער גאָר אַריין צו דער מאַמען אַן אָפּגעטונקע-נער אין קאַלך, אינגאַנצען אַ נאַסער און ער ציטערט און פּלאַטערט. די מאַמע הייבט אָן צו געוואַלדעווען:

— ווי איז מיר, וואו ביסטו שוין געקראָכען? אַז דאָס איז גאָרניט קיין קינד, נאָר אַ טייוועל, אַ שד, אומעטום איז עס פול, קריכט אין אַלע לעכער —

און שמואל'עק פילט זיך שולדיג, שווייגט ער דערפאַר, נאָר די אויגען זיינע, די שוואַרצע לאַכעדיגע אויגען, לויפען אום הין און הער און לאַכען...

— אַז סע קומט דער פאַר פּסח, קען איך גאָר פון אים ניט אויס-האַלטען, — קלאָגט זיך די מאַמע, — איך טענה צו אים, גיי אין דרויסען שפּילען זיך און ער וויל ניט...

אַ טאָג פאַר פסח האָט די מאַמע אַראָפּגענומען דאָס פסח׳דיגע געפעס פונ׳ם בוידעם און שמואל׳עק איז געקראָכען אויפ׳ן לייטער, געטראָגען טעפּלאַך און טעלער און דערווייל צעבראָכען עטליכע גלעזער און שאָלעכלאַך. די מאַמע האָט אים פאַרטריבען, האָט ער זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און איז ווייטער געקראָכען.

און אַז די מאַמע איז פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן געפעס, איז זי אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן הויף, געמאַכט אַ לענגעכיג גריבעל אריינגע-גאָסען זודיג וואַסער אין דעם און גענומען אָפּטונקען די זילבערנע לעפעל אין דעם. שמואל׳עק איז געשטאַנען מיט פאַרוואונדערטע אויגען — סע איז אים זייער געפעלען געוואָרען ווי דאָס וואַסער אין גריבעל האָט געזאָטען.

— וואָס טוסטו, מאַמע — האָט ער געפרעגט און די אויגען האָבען אים געברענט.

— איך קאַשער די לעפעל. אויף פסח טאָר מען ניט נוצען אַזוי די לעפעל, מע דאַרף זיי פריער אָנקריידען און דערנאָך אָפּקאַשערען אין הייס וואַסער.

באַ דער זייט איז געשטאַנען אַ פרוי, האָט זי זיך אָנגערופען:

— דו ווייסט, שמואל׳עק מע דאַרף דיך אַליין אויך קאַשערען, אַניט וועסטו זיין חמיצ׳דיג אויף פסח און דו וועסט ניט טאָרען עסען קיין מצה און קיין קניידלאַך...

האָט זיך שמואל׳עק דערשראָקען: וואָס הייסט, ער וועט ניט קענען עסען קיין קניידלאַך!... סע איז דאָך גאָר אַן אומגליק. און ער איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אַ טרויעריגער, מיט אַ פינגער אין מויל אַז אָט באַלד און ער וועט זיך צעוויינען.

— מאַמע, — איז שמואל׳עק צוגעקומען, — איך וויל דו זאָלסט מיך אויך קאַשערען...

— נאָך וואָס דאַרפסטו איך זאָל דיך קאַשערען? קענסט ניט זיין חמיצ׳דיג? וועסט זיך באַגיין אָן קאַשערען, נישט׳קשה...

האָט זיך שמואל׳עק צעוויינט אויפ׳ן קול:

— איך וויל עסען קניידלאַך און לאַטקעס, מיט אַ חמין'דיג מויל וועל איך ניט טאָרען עסען, הו-הו-הו!... קאַשער מיך, מאַמע, איך וויל זיין פסח'דיג...

— גיי שוין גיי, מאַך זיך ניט נאַריש, — האָט אים די מאַמע געזאָגט.

אָבער שמואל'עק האָט דער מאַמען ניט געגלייבט, וואָרים ער האָט טאַקע אויף אַן אמת געמיינט אַז קינדער דאַרף מען קאַשערען. די גאַנצע נאַכט איז ער שוין ניט געשלאָפען און ער האָט אַלין גע-טראַכט ווי אַזוי ער זאָל קאַשערען זיין מויל און זיך אינגאַנצען און ער זאָל ווערען פסח'דיג.

גאַנץ פרי האָט ער געהערט ווי די מאַמע שרייט צום טאַטען:

— גיי אַרויס קאַשערען דאָס פאַס מען וועט באַלד ברייגען וואַסער.

האָט זיך שמואל'עק אַרויסגעכאַפּט אין דרויסען און ער איז אַריינגעקראָכען אין פאַס און האָט זיך באַהאַלטען. געטראַכט האָט ער זיך: דער טאַטע וועט קומען קאַשערען דאָס פאַס, וועט ער מיך שוין אויך קאַשערען און איך וועל זיין פסח'דיג און איך וועל קענען עסען מצה און קניידלאַך, און לאַטקעס און כרעמזלאַך און אַלע גוטע זאַכען...

דער טאַטע איז געקומען און האָט גענומען קייקלען דאָס פאַס און שמואל'עק האָט זיך מיטגעקייקעלט. סע האָט אים געקלאַפּט אין די זייטען, אָבער סע האָט אים ניט געאַרט, ווייל ער וועט דאָך ווערען געקאַשערט.

דערנאָך איז דער טאַטע אַוועקגעגאַנגען אויף עטליכע מינוט און ער איז צוריקגעקומען. שמואל'עק האָט זיך געפרייט, דאָס האַרץ האָט אין איםגעטאַנצט פאַר פרייד און ער האָט אַזש אויסגעשריען:

— אָ, איך וועל זיין אַ פסח'דיגער!

אַז דער טאַטע האָט דערהערט דאָס געשריי, האָט ער זיך אָנגע-בויגען צום פאַס און האָט פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט שמואל'עק'ען:



— אַרויס פון דאַנעט, שייגעץ איינער, וואָס טוסטו דאָ?

— איך... וויל... קאַשער מיך, טאַטע...

דער טאַטע האָט זיך צעלאַכט:

— ביסט אַ נאַר, שמואל'עק, קיין מענשען דאַרף מען ניט קאַשערן. גיי, וואַש זיך אויס דאָס מויל, וועסט דו שוין זיין פּסח'דיג.

און שמואל'עק איז אַריינגעלאָפען אין הויז און אַ גאַנצע שעה האָט ער זיך געוואַשען דאָס מויל...



# הענדעלע מיט'ן פענדעלע

דער זיידע האָט אויפ'ן „פּייער עסקייפּ" געמאַכט אַ סוכה. פון עטלאַכע ברעטלאַך האָט ער די סוכה צונויפגעקלאַפּט און אינווייניג האָט ער זי פּרומגעהאַנגען מיט זעק און פון אויבען האָט ער זי צוגעדעקט מיט ראָר. אַז ער האָט געוואָלט עסען, איז ער אַריינגעקראָכען אין סוכה דורכ'ן פענסטער און האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם קליינעם טישעלע. אויפ'ן טישעלע האָט געברענט אַ גרויס ליכט און סע איז געווען דאָרט אַזוי שיין. אָבער קיינער אויסער דעם זיידען האָט אַהין ניט געקענט אַריינקומען, וואָרים סע איז געווען דאָרט אייגג און דער זיידע אַליין האָט זיך ניט געקענט אויסדרייען. דאָס עסען האָט אים די מאַמע דערלאַנגט דורכ'ן פענסטער און די קינדער זענען געשטאַנען אין הויז און אַריינגעקוקט צום זיידען אין סוכה און האָבען אים מקנא געווען.

אַז דער זיידע האָט אָפּגעגעסען, זענען די קינדער אַריינגעקומען און האָבען זיך אַוועקגעזעצט באַם טישעל, אָבער זיי האָבען מורא געהאַט צו רירען זיך, טאָמער וועלען זיי אַראָפּפאַלען, אָדער נאָך איינוואַרפען די סוכה. זענען זיי געזעסען ווי געשמידטע אין קייטען און האָבען זיך ניט באַוועגט. בענעלע האָט געמאַכט ווי ער זינגט נאָך דעם זיידען און הענדעלע האָט צוגעבאַמקעט און צוגעטראַלעט. אָפּגעזעסען אַזוי עטליכע מינוט, האָט זיך בענעלע אָנגערופען:

— דו ווייסט, הענדעלע, ווען איך וועל זיין אַ זיידע, וועל איך מאַכען אַ גרויסע סוכה, אַלע זאָלען קענען זיצען.

— אַז דער „פּייער עסקייפּ" איז אַ קליינער, — האָט הענדעלע געזאָגט, — מען קען זיך דאָ ניט רירען פון דאַנען אַהער.

די קינדער איז נמאס געוואָרען צו זיצען דאָ און גאָרניט טון, זענען זיי אַרויסגעקראָכען און זיך גענומען שפּילען אין ניס. בענעלע האָט די ניס געקייקעלט אויפ'ן דיל און הענדעלע האָט געקוקט צי אַ נוס שלאָגט זיך אָן אָן אַן אַנדערער.

— דו ווייסט, בענעלע, סע איז גוט צו עסען אין סוכה, — רופט זיך פלוצלינג אָן הענדעלע און זי באַלעקט זיך אַזש.

— אָבער אַז איך וועל ווערען אַ זיידע, וועל איך אויך עסען אין סוכה און דו וועסט קיינמאָל ניט עסען, — האָט זיך בענעלע געגומען רייצען מיט הענדעלען, — נאָר זיידעס עסען אין סוכה און ניט קיין באָבעס.

האָט זיך הענדעלע אָנגעבלאָזען, אין די אויגען האָבען זיך איר געשטעלט טרערען און זי האָט אַרויסגעשטעקט דאָס צינגעל:

— אַזוי, איך וועל אויך עסען אין סוכה אַז איך וועל זיין אַ באָבע, דער זיידע האָט געזאָגט אַז די באָבע פלעגט אויך עסען אין סוכה. געדיינקסט, דער זיידע האָט אונז דערציילט פון דער באָבען אַז זי איז געווען אַ גוטע און אַז זי האָט געגעסען אין סוכה.

— ווי וועסטו קענען עסען אין סוכה, אַז דער „פייער עסקייפ" איז אַזאַ קליינער און מער ווי איין מענש קען ניט זיצען?

— דער זיידע האָט דערציילט, אַז ווען די באָבע האָט געלעבט, האָט ער געמאַכט אַ גרויסע סוכה, אויף דער ערד...

אַזוי איז אַוועק דער סוכות און סע איז געקומען שמחת תורה. דער זיידע האָט די קינדער געבראַכט פאָנען, אַך, וואָסערע שיינע, מיט לייבען אויף זיי און מיט אידען וואָס טאַנצען און האַלטען תורות אין די הענט. הענדעלע האָט דעם גאַנצען טאָג אַרומגעטאַנצט מיט'ן פענדעלע און האָט זיך אַזוי געפרייט. זי האָט אַלעמאָל געוויזען בענעלען:

— זעסט, בענעלע, מיין פענדעלע איז שענער פון דיינעם. מיינע לייבען האָבען אָפענע מיילער און גרויסע וואָנסעס...

דער טאַטע האָט אויסגעשניצט צוויי שטעקלאַך און האָט צו-געקלעפּט די פענדעלאַך צו זיי, און די שפּיצען פון די שטעקעלאַך האָט ער פאַרשאַרפט אַרויפצוזעצען עפּלאַך אויף זיי. די מאַמע האָט געבראַכט צוויי רויטע עפּעלאַך און אַרויפגעזעצט זיי אויף די שטעקע-לאַך. פון אויבען האָט זי די עפּעלאַך אויסגעהוילט און אַריינגע-שטעקט וואַקסענע ליכטעלאַך.

העגדעלע איז אַרויסגעקומען אויפ'ן גאַס און האָט איטלאַכען גע־ וויזען איר פענדעלע מיט'ן עפּעלע און מיט'ן ליכטעלע. האָבען זי די קינדער מקנא געווען און געוואָלט צערייסען דאָס פענדעלע. האָט העגדעלע געמאַכט אַ געשריי, זענען זיי אַנטלאָפען.

איין אינגעלע האָט זיך צעוויינט פאַרוואָס ער האָט קיין פענדעלע ניט און דערנאָך האָט ער אויסגעשריען: „העגדעלע מיט'ן פענדעלע! איר הערט, קינדער, פון היינט אָן הייסט זי שוין העגדעלע מיט'ן פענדעלע. שרייט זשע אַלע: העגדעלע מיט'ן פענדעלע"...

— מיך אַרט ניט, — האָט העגדעלע געענטפערט, — אַבי איך האָב אַ פענדעלע און איר האָט ניט...

פאַרנאַכט האָט דער זיידע מיטגענומעןביידע קינדער אין שול אַריין. דאָרטען איז געווען אַזוי פריילאַך. סע האָבען געברענט אַזוי פיל לאָמפּען, אַלע זענען געווען אויסגעפּוצט און סע זענען געווען אַ סך קינדער מיט פאָנען. בענעלע איז פאַרשוואונדען געוואָרען און העגדעלע איז געבליבען אַליין. זי האָט אָנגעצונדען דאָס ליכטעל אין עפּעלע און סע איז איר געווען גוט. דער זיידע האָט זי צוגערופען צו זיך און האָט איר געזאָגט אַז אָט באַלד וועט מען גייען מיט די הקפות, וועט זיין שיין.

העגדעלע איז געווען דאָס איינציגע מיידעלע אין שול וואָס האָט געהאַט אַ פענדעלע און די אינגעלאַך האָבען זיך מיט איר ניט געוואָלט אָנקערען. האָט עס העגדעלען פאַרדראָסען און זי האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטען לעבען זיידען. אַז די אינגעלאַך ווילען זיך מיט איר ניט שפּילען, האָט זי זיך איר זיידען און זי דאַרף קיינעם ניט. דער זיידע וועט איר אַלץ דערציילען.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבען צו גיין מיט די הקפות און העגדעלע האָט אויפגעעפענט מויל און אויגען. אידען האָבען זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי ווי סאָלדאַטען, יעדער איינער פון זיי האָט געטראָגען אַ תורה אין די הענט און פאָרויס איז געגאַנגען איינער איינגעוויקעלט אין אַ טלית און האָט געזונגען. און אַלע האָבען גע־ קושט די תורות און געזאָגט עפּעס.

— קוש אויך די תורות, העגדעלע, — האָט דער זיידע צו איר געזאָגט, — און זאָג דערלעבט איבער אַ יאָר, דער לעבט איבער אַ יאָר.

האָט הענדעלע געטון ווי דער זיידע האָט איר געהייסען: גע-
קושט די תורות און געזאָגט דער לעבט איבער אַ יאָר.

דער זיידע האָט גענומען אַ תורה און האָט זיך אָװעק־געשטעלט אין דער ריי. הענדעלע איז אים נאָכגעגאַנגען און זי האָט זיך געשפּילט אַזוי שטאָלץ, אַזוי גליקלאַך. איינער אַ אינגעלע האָט זי געוואָלט אָוועקשטויסען, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד אַז סע איז איר זיידע און זי מעג אים נאָכגיין. און אַלע מאָל איז זי צוגעלאָפען צום זיידען און געקושט זיין תורה און געשריען „דער לעבט איבער אַ יאָר”... „דער לעבט איבער אַ יאָר”...

דערווייל איז צוגעקומען דאָס אינגעלע וואָס האָט איר אַ נאָמען געגעבען „הענדעלע מיט'ן פענדעלע” און ער האָט איר אַ שטויס געטון און דאָס ליכטעל איז באַ איר אַרויסגעפאַלען־פונ'ם עפּעלע און האָט זיך פאַרלאָשען. האָט הענדעלע געוואָלט צוריק אויפהייבען דאָס ליכטעל, אָבער דאָס אינגעלע האָט גענומען טופּען אויף דעם מיט די פיס און האָט עס אינגאַנצען צעטראָטען. הענדעלע האָט זיך צעוויינט, אָבער דאָס אינגעלע האָט איר אַרויסגעשטעקט אַ צונג:

— ע, הענדעלע מיט'ן פענדעלע, איך האָב דיר צעטראָטען דיין ליכטעל. האָסט שוין מער ניט קיין ליכטעל...

— אָבער אַ פענדעלע האָב איך, — האָט הענדעלע געכליפּעט,— מיט אַן עפּעלע און אַ שטעקעלע...

— אָבער וועמען רופט מען „הענדעלע מיט'ן פענדעלע?” — האָט זיך דאָס אינגעלע מיט איר גערייצט, — אַלע קינדער ווייסען שוין ווי דו הייסט...

די אידען האָבען זיך צונויפגענומען אין ראָד און האָבען גע־טאַנצט. די אינגעלאַך זענען אַריין אינמיטען ראָד און האָבען אויך געטאַנצטאון הענדעלע האָט געוואָלט אַריין אימיטען, האָבען די קינדער זי ניט געוואָלט לאָזען. איז זי שוין געשטאַנען איינע אַליין און סע איז איר געווען אַזוי טרויעריג אויפ'ן האַרצען. דאָס ליכטעלע האָט דאָס שלעכטע אינגעלע צעטראָטען, הענדעלע מיט'ן פענדעלע רופט מען זי און אין ראָד לאָזט מען זי ניט אַריין. אַך, ווען די לייבען אויף איר פאָן וואָלטען געווען לעבעדיגע, וואָלט זי זיי אָנגערייצט אויף די אינגעלאַך און זיי זאָלען זיי אַלע צערייסען אויף שטיקלאַך. נאָר איר בערעלען זאָלען זיי לאָזען לעבען.

די פאָן אירע האָט זיך גענומען רירען און באוועגען זיך און די לייבען זענען לעבעדיג געוואָרען און זענען אראָפּגעקראָכען אויפ׳ן דיל. אלע לייבען מיט אָפענע מיילער און מיט אזעלכע גרויסע שאַרפע ציין, אז סע כאַפּט אזש אָן א גרויל. און די לייבען האָבען גענומען שפּרינגען און ברילען אז בא הענדעלען האָט דאָס האַרץ אזש אָנגע־הויבען צו ציטערען. דערנאָך האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אז זי ווילאָנרייצען די לייבען אויף די אינגעלאַך, האָט זי זיך אויפגעשטעלט און געוויזען די לייבען אויף די אינגעלאַך. האָבען זיי זיך א וואָרף געטון אויף די קינדער מיט אזא געבריל און מיט די שאַרפע ציין גענומען זיי בייסען. און הענדעלע איז געווען אזוי גליקלאַך, אזוי, רעכט אויף זיי, זאָלען זיי ניט זיין קיין שלעכטע און ניט לאָזען מיך אין ראָד און רופען נעמען.

און פּלוצלינג האָט הענדעלע דערזען ווי א לייב האָט אָנגעכאַפּט איר בערעלען. אוי, ער וועט באַלד צערייסען איר ברודער.

— זיידע, טאַטע!... — האָט הענדעלע געמאַכט א געוואַלד, — דער לייב וועט צערייסען בענעלען...

און דער זיידע איז געקומען:

— וואָס שרייסטו, הענדעלע? ביסט זיך גוט אויסגעשלאָפען? נו, קום אהיים, סע איז שוין נאָך די הקפות...



# פרינץ און פעט

פרינץ און פעט האָבען ביידע געלעבט אין איין הויז. פרינץ איז געווען אַ גרויסער הונט מיט ווייסע און שוואַרצע פלעקען אויף זיין סאַמעט-ווייכער פעל און פעט איז געווען פיל קלענער פון אים, אָבער ברייטער און שטיפערישער.

די גאַס וואו זיי האָבען געוואוינט איז געווען ניט ווייט פון בראָדוועי. אַ גאַנצען טאָג פלעגען די צוויי הינט אַרומלויפען צוזאַמען איבער דער גאַס, יאָגען זיך איינער נאָכ'ן אַנדערען און שפּילען זיך. אַז אַ זייטיגער הונט פלעגט אַמאָל צוקומען און נעמען באַשמעקען פעט'ן, אָדער פרינצען, פלעגען זיי זיך ביידע אַרויפוואַרפען אויף אים, גוט אים צעבייסען און פאַרטרייבען.

צום ערשטען מאָל האָבען זיי זיך באַגעגענט אין איינעם אַ טאָג לעבען בראָדוועי. עס איז געווען אַ שיינער ליכטיגער זומער טאָג, אויף בראָדוועי איז געווען רוישיג, די אויטאָמאָבילען זענען געלאָפען הין און צוריק, מענשען האָבען זיך געאיילט און די גרינע קאַרס האָבען אַלעמאָל געקלונגען און פאַרטויבט די אויערען.

פרינץ איז געשטאַנען אויפ'ן קאָרנער און האָט געקוקט אויף דער רוישיגער בראָדוועי. פּלוצלינג האָט ער דערזען ווי אַ הונט שלעפּט זיך אַרום מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג, אַן אויסגעמאַטערטער, אַ פאַרהונגערטער, איז פרינצען דער הונט געפעלען געוואָרען. ער האָט אים גענומען אַרומשמעקען, אַרומלעקען און בילען צו אים פריינטלאַך. דער אויסגעהונגערטער הונט האָט אים געענטפערט מיט אַ וויינענדיגען קוויטש און פרינץ האָט גענומען לויפען, מיטרופענדיג דעם נייעם חבר זיינעם.

זיי זענען אַזוי אָפּגעלאָפען אַ שטיק וועג און לעבען אַ רייך הויז האָט פרינץ זיך אָפּגעשטעלט. דער הונגעריגער הונט איז געבליבען שטיין אַביסעל צעשראָקען, אָבער פרינץ האָט געבולען אַזוי פריינטלאַך צו אים, אַז ער האָט באַקומען מוט און איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זענען אַריינגעקומען אין האָל פונ'ם הויז און אַן אויס-

געפוצטע פרוי איז זיי אַנטקעגנגעקומען. פרינץ האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און מיט די פאָדערשטע פיס האָט ער זיך גענומען דראַפּען אויף איר און בילען און לאַשטשען זיך צו איר.

די פרוי האָט אים אַזוי גוט געגלעט איבער׳ן קאָפּ, איבער דער גאַנצער פעל און דער אַנדערער הונט איז געשטאַנען באַ דער זייט מיט דער אַרויסגעשטעקטער צונג און מיט ברענענדיגע הונגעריגע אויגען.

— ווער איז דאָס? — האָט די פרוי געפרעגט.

פרינץ איז אַראָפּגעשפּרונגען און האָט גענומען אַרומשפּרינגען אַרום זיין נייעם חבר און באַוויזען דער פרוי אַז ער האָט אים ליב, אַז זיי זענען פריינט.

— אַזוי, — האָט די גוטע פרוי זיך אָנגערופען, — סע איז דיינער אַ פריינט? אַ פיינער הונט. גוט, פרינץ, ער וועט זיין מיט דיר שטענדיג. קום אַרויף אין הויז.

און פון דאַמאָלסט אָן זענען זיי ביידע געווען אינאיינעם און געלעבט זיך גליקלאַך. דעם נייעם הונט האָט מען גערופען פעט און ער האָט געקענט מאַכען פאַרשיידענע קונצען. ער איז געוואָרען פעט, אויסגעקיילעכיגט און אַז ער האָט זיך גענומען קייקלען אויפ׳ן דיל, אָדער אַוועקלייגען זיך מיט׳ן בויך אַרויף און אויסשטרעקען די פיס אין דער לופטען און באַמבלען מיט זיי, פלעגען די מענשען לאַכען און האָבען גרויס פאַרגעניגען געהאַט, ווייל ער האָט אויסגעקוקט קאָמיש. און פרינץ איז געשטאַנען און האָט אויך אַרויסגעוויזען זיין הנאה מיט דעם וואָס ער האָט קוויטשענדיג געבולען און גערדרייט מיט׳ן קורצען עק זיינעם.

און אַז פרינץ האָט געמאַכט זיינע קונצען, האָט פעט אָנגעקוואָלען און האָט געבורטשעט און אונטערגעטאַנצט.

איינמאָל זענען ביידע הינט אַרויסגעגאַנגען אויף בראָדוועי. זיי איז געווען פריילאַך און זיי האָבען זיך פאַרגעסען צו היטען פאַר די אויטאָמאָבילען. און עס איז אָנגעקומען אַן אויטאָמאָביל און האָט איבערגעפאָרען פעט׳ען. אין איין מינוט איז דער הונט געלעגען אַ צעקוועטשטער און האָט זיך ניט געקענט רירען.

און אַז פּרינץ האָט דערזען ווי זיין פריינט פּעט ליגט אינמיטען גאַס און רירט זיך ניט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבען אים און האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ און אין זיך געוויינט.

סע זענען אָנגעקומען אויטאָמאָבילען, אָבער זיי האָבען ניט געקענט דורכפאָרען. גאַנץ בראָדוועי איז פאַרשטעלט געוואָרען מיט אויטאָמאָבילען און וואָס מע האָט פּרינצען ניט געטריבען, האָט ער אַלץ ניט געוואָלט אַוועקגיין

— וואָס איז דאָ? — האָבען מענשען געפרעגט איינע בא די אַנדערע.

— אַ הונט... מע איז איבערגעפאָרען זיין פריינט, וויינט ער איבער אים... אַן איינפאַל פון אַ הונט.

— היינטיגע צייטען זענען הינט געטרייער פון מענשען...

סע האָט גענומען אַ פּאָר שעה ביז מע האָט פּעט'ען צוגענומען פון דעם מיטען גאַס און די גאַנצע צייט איז פּרינץ געזעסען אַזאַ טרויעריגער, אַז דאָס האַרץ האָט געקענט צעריסען ווערען. מע האָט אים געוואָרפען שטיינער, געשלאָגען מיט שטעקענס און ער איז געזעסען.

און אַז מע האָט פּעט'ען צוגענומען אויף אַ וואָגען, איז פּרינץ אַרויפגעשפרונגען און האָט זיך ווייטער אַוועקגעזעצט לעבען זיין גע'הרג'עטען פריינט. און אַזוי איז ער לעבען אים אויסגעגאַנגען.

# די ציגײַנערין

ניט ווײַט פֿון שטעטעלע איז אַ שטיבעלע געשטאַנען. אַלט און אָפּגעלאָזן איז דאָס שטיבעלע געווען און געדאַכט האָט זיך אַז אָט באַלד און סע פֿאַלט אײַן. די פֿענסטער זענען געווען צעבראָכן און פֿאַרשטעקט מיט שמאַטעס. די טיר האָט געהאַנגען אויף לעדערנע פּעטליעס און אַז מע פֿלעגט זי אויפֿמאַכן, האָט זי אַזוי געסקריפּעט אַז אויף עטליכע גאַסן אַרום האָט מען געהערט דאָס סקריפּערײַ.

געוואוינט האָט אין שטיבעלע די אַלטע ציגײַנערין יעוודאָכאַ. אַן אײַנגעבויגענע איז יעוודאָכאַ געווען. אַ פּנים האָט זי געהאַט, איז עס געווען הוילע קנייטשען און אויף די פּיס האָט זי קוים געקענט גײן. דערפֿאַר האָט זי שטענדיק געטראָגן אין די הענט אַ שווערן יאַדלענעם שטעקן, וואָס אויף אים פֿלעגט זי זיך אָנשפּאַרן גײענדיק. נאָך איר האָט זיך אַלעמאָל נאָכגעשלעפּט אַן אַלטער הונט מיט אַ פֿעל אַ שוואַרץ-גרויער און מיט אויגן בײזע און פּיס זאויסגעדאַרטע אַז קוים זײ האָבן זיך ניט אײַנגעבראָכן.

אַלע קינדער האָבן פֿאַר יעדוואָכאַ'ן מורא געהאַט וואָרים מע האָט דערציילט אויף איר אַזעלכע זאַכן, אַז די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר. אַז יעוודאָכאַ וויל, האָט מען דערציילט, קען זי מאַכן אַז אינמיטן זומער זאָל אויספֿאַלן אַ שנײ. זי האָט אַזעלכע שפּיזלאַך, וואָס זענען שוין אַלט אפֿשר טויזנט יאָר, און אַז זי נעמט זיך שטריקן מיט אָט די שפּיזלאַך זאָקן און פֿאַרלירט אַן אײגעל, הייבט אָן צו פֿאַלן אַ שנײ און נאָך וואָס פֿאַר אַ שנײ, ביז איבער די קניע.

ווײַטער האָט זי אַ שפּינראָד, דרייט זי וואָל אויף דעם, איז קען זיך אַמאָל מאַכן זי זאָל איבעררײַסן אַ פֿאָדעם און סע ווערט אין גאַנצען געגענט אַ שטורעמווינט. איז עס ווינטער, צעהוליעט זיך אַ זאַווערוכע און סע הייבט דעם שנײ-שטויב ביז'ן אונטער'ן הימעל; איז עס זומער, ווערט אַן איבערקערעניש אויף די פֿעלדער. ביימער רײַסט דער שטורעמווינט אויס. ער צעלייגט אַלע ברויטען און וואַרפֿט

אום הייזער. און דאָס איז נאָר צוליב יעוודאָכאַ'ס איבערגעריסענעם פאָדעם וואָל אויפ'ן שפּינראָד.

און היינט אַז זי נעמט קעמען אירע צעפּ. זי האָט אַזעלכע אייזערנע קעמלען וואָס יעדער צאָן אין זיי איז ווי אַ גרויסער טשוואָק. זעצט זי זיך אַזוי אַוועק איינמאָל אינמיטען דערנאַכט און נעמט קעמען אירע גרויע צעפּ וואָס האַרט זענען זיי ווי חזיר-האָר. ווערט איבער'ן גאַנצען שטעטעל אַ וואָיעריי פון הינט אַז מע קען פון זינען אַראָפּ. פון אַלע זייטען קומען זיך צונויף אַזעלכע מורא'דיגע הינט. פון אונטער דער ערד וואַקסען זיי אויס און אַלע זענען זיי שוואַרצע גרויסע, מיט הונגעריגע אויגען און לײדיגע בייכער.

אָט אַזעלכע מעשיות האָט מען פון דער ציגיינערין יעוודאָכאַ דערציילט. זי פלעגט וואַרפען קאָרטען און ווער סע האָט נאָר ניט געשראָקען זיך, איז צו איר געקומען. און געטראָפען האָט זי, זאָגט מען, גלייך ווי זי וואָלט דערביי געווען. אַ קוק געטון אויף די קאָרטען און געזאָגט.

אין שטיבעלע באַ איר האָט געברענט אייביג אַזאַ טאָפּ מיט קוילען און סיי זומער, סיי ווינטער איז זי געזעסען באַ דעם דאָזיגען טאָפּ און האָט געשטופּט אין אים אירע דאַרע, ביינינע פינגער וואָס האָבען אויסגעזען ווי צווייגען אויף אַן אַלטען בוים אין הערבסט.

איינער, וואָס איז באַ איר געווען און זיך געוואָרפען קאָרטען, דערציילט אַז ער האָט אַליין געזען ווי פון דעם דאָזיגען פייערטאָפּ האָבען אַרויסגעטאַנצט מענשעלאַך אין רויטע הויזען.

איינמאָל האָט די אַלטע ציגיינערין יעוודאָכאַ גענומען אַן איי פון אַ קראָקאָדיל, צונויפגעמישט מיט הינערשע אייער און אויפגעזעצט אויף זיי אַ הון. געזעסען איז די הון דריי וואָכען צייט אויף די אייער. באַטאָג און באַנאַכט איז זי געזעסען און אַז סע איז געקומען אויפ'ן איין און צוואַנציגסטען טאָג און די הינדעלאַך האָבען זיך גענומען אויספּיקען פון די אייער, איז די די־הון געווען אַזוי גליקלאַך. זי האָט אַלעמאָל אַ קוק געטון ווי סע האַלט מיט די הינדעלאַך, וויפיל פון זיי סע האָבען זיך שוין אויסגעפּיקט און וויפיל פון זיי ליגען נאָך אין די אייער און שטעקען נאָך אַרויס די קעפּעלאַך. אויסבריען הינדעלאַך

איז דאָך דאָס גרעסטע גליק פאַר אַ הון אין היינט אַז זי האָט אויס-
געבריט גאַנצע 26 הינדעלאַך.

נאָר איין איי האָט זיך עפּעס ניט געפּיקט. די הון האָט געפילט
אַז אינווייניג איז דאָ אַ לעבעדיג באַשעפעניש, נאָר מע דאַרף אויף
דעם זיצען נאָך אַ טאָג און אפשר נאָך צוויי. איז זי געזעסען נאָך
צוויי טעג און אויפ'ן דריטען טאָג האָט די ארימע הון דערזען ווי
פונ'ם איי האָט זיך גענומען אויספּיקען עפּעס אַ מאָדנע באַשעפעניש
מיט אַ גרינעם קאָפּ. איז זי אויפגעשפּרונגען, די פעדערען האָבען זיך
איר צעשויבערט און זי האָט ווילד
געקוואָקעט. און דאָס קראָקאָדיל-
ליכעל איז אַרויסגעקראָכען פונ'ם
איי און האָט זיך גענומען רוקען
אויפ'ן בויך. אין עטליכע טעג
אַרום האָט עס גענומען נאָכרוקען
זיך דער הון און געוואָלט זי בייסען
און יעוודאָכאַ איז דערביי געשטאַ-
נען און האָט געלאַכט מיט אַזאַ
געלעכטער ווי אַ פּיקהאָלץ וואָלט
געקראַקעט אין וואַלד. פון דאַ-
מאָלסט אָן האָדעוועט זי דעם קראָקאָדיל.

מע דערציילט זיך אָן נאָך אַ סך מעשיות וועגען יעוודאָכאַ'ן,
נאָר איינע וויל איך אייך איצט דערציילען. אין שטעטעל איז דאָ
אַ בוים איז ער אַ פאַרדאַרטער, אַ נאַקעטער, קיינמאָל וואַקסט אויף
אים קיין בלעטעל ניט אַרויס. ווייסט איר ווי סע קומט וואָס דער
בוים איז אַזוי געוואָרען? יעוודאָכאַ האָט עס געטון מיט איר כישוף.
אַזוי דערציילט מען.

זי איז געוועזן צעקריגט מיט איינעם אַ ציגיינער. לעבען יענעמס
הויז איז געשטאַנען אַ בוים מיט ברייטע צווייגען און אַז סע פלעגט
קומען זומער, פלעגט ער זיך צעבליען אַ וואונדער. איז איינמאָל
אין אַ נאַכט האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורעמווינט, סע האָט
געדרייט און געהודזשעט אַ מורא, דער ציגיינער האָט פאַר-
שטאַנען אַז דאָס איז יעוודאָכאַ'ס אַרבייט, איז ער אויפגעשטאַנען

פון געלעגער און איז אַרויס אין דרויסען. האָט ער אַליין געזען מיט זיינע אייגענע אויגען ווי יעוודאָכאַ איז געקומען מיט'ן ווינט, געדרייט זיך און געקנוילט זיך אינ'ם שטורעם און נאָר אַרום דעם בוים. און פלוצלינג האָט זי געגעבען אַ שפּיי, איז ווי אַ שטיק פייער וואָלט זי אויסגעשפּיגען. און שוין, פון דאַמאָלסט אָן האָט דער בוים אָנגעהויבען צו דאַרען און ער קען שוין מער ניט בליען.

איינמאָל אין אַ נאַכט איז צו יעוודאָכאַ'ן געקומען ביילקע די יתומה. זי האָט זיך אַרויסגעגנב'עט פונ'ם הויז און מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ איז זי געלאָפען צו דער ציגיינערין. סע איז געווען סוף חודש, איז די לבנה אויפגעגאַנגען שפּעט און סע איז דערפאַר געווען פינסטער. און ביילקען האָט זיך די גאַנצע צייט געדאַכט אַז עמיצער לויפט איר נאָך, אַז אָט אָט און ער כאַפּט זי באַם גאָרגעל און הייבט זי אָן צו שטיקען. און וואָס גיכער זי איז געלאָפען, אַלץ נענטער איז געקומען צו איר דער וואָס איז איר נאָכגעלאָפען און דאָס האַרץ איז איר שיעור ניט אַרויסגעפאַלען.

און אַז זי איז צוגעקומען צו יעוודאָכאַ'ס שטיבעלע, האָט זי געהערט ווי אינווייניג וויינען אפשר טויזענט מענשען און סע לאַכען אויך אפשר טויזענט מענשען. און הינט בילען און העגער קרייען

און קעץ מיאאוקען און העכער פון אלעמען הערט זיך דאס קראקען פון אַ פּיקהאַלץ. האָט שוין ביילקע געוואָלט אַנטלויפן צוריק, אָבער פון פענסטער האָט זיך אַרויסגעשטרעקט אַ דאַרע האַנט און האָט זי אַריינגעשלעפּט אין שטיבעל. אַז זי האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט זי דערזען אַז זי זיצט אויף אַ הינקענדיג ביינקעל און אַנטקעגן איר זיצט יעוודאָכאַ.

— וואָס ווילסטו, ביילקע? — האָט יעוודאָכאַ זי געפרעגט און האָט געלאַכט מיט איר טרוקענעם געלעכטער — נאַ, וואַרים זיך אָן אָן פייער...

— איך וויל זאָלסט אָפּטון כישוף מיין שטיפמאַמען. זי איז אַזוי שלעכט צו מיר, זי מאַכט מיר ניט קיין קליידער און איך גיי אַנגעטון אין שמאַטעס...

— אַזוי, גוט וואָס ביסט געקומען צו יעוודאָכאַ׳ן, דיין שטיפ־מאַמע וועט שוין מער קיין שלעכטס דיר ניט טון. נאַ דיר אָט די קרייטיכער און וואַרף זיי אַליין אַריין אין פייער און זאָג מיר נאָך וואָרט באַ וואָרט. דימבאַ דימבאַ ווינטען בייזע, שלאַנגען גרינע, קעץ און כלבים...

און ביילקע האָט אַריינגעוואָרפן די קרייטיכער און האָט נאָכ־געזאָגט יעוודאָכאַ׳ן וואָרט באַ וואָרט און דאָס קול האָט באַ איר גע־ציטערט און די אויגען זענען איר שיעור ניט אַרויסגעקראָכן פון זייערע לעכער, און דאָס האַרץ האָט זיך איר געהויבען אין דער לופטען. און זי זאָגט און זאָגט...

פלוצלינג האָט דאָס פייער אָנגעהויבען צו טרעשטשען, סע איז אַרויסגעשפּרונגען פון דאָרטען יעוודאָכאַ׳ס קראָקאָדיל און האָט זיך אַרומגעוויקעלט אַרום איר האַלז. הינט האָבען זיך גענומען וואַרפען אויף איר מיט אויסגעשטשירעטע ציין און מיט ברענענדיגע אויגען און קעץ האָבען זי׳ געדראַפּעט מיט זייערע שפּיציגע נעגעל. און יעוודאָכאַ אַליין איז געשטאַנען און געלאַכט מיט אַ געלעכטער ווי דאָס קראַקען פון אַ פּיקהאָלץ.

און פלוצלינג האָט זיך יעוודאָכאַ אויפגעזעצט רייטענדיג אויף אַ בעזים און צום עק האָט זי צוגעבונדען ביילקען און איז מיט איר אַוועקגעפלויגען. וואו איז זי מיט איר דען ניט אויסגעווען? איבער

בערג און איבער טאָלען זענען זיי געפלויגען, אונטער די כמאַרעס און נאָך העכער זענען זיי געווען. און דערנאָך האָט יעוודאָכאַ אָפּגעלאָזט ביילקען און זי איז אַראָפּגעפאַלען אינמיטען שטעטעל אויפ'ן מאַרק-פּלאַץ.

האָט ביילקע אָנגעמאַכט אַ געשריי, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטעל אויפגעכאַפּט און מע האָט זי געפונען אַ צע'הרג'טע, אַ פאַר'חלש'טע, קוים וואָס זי האָט גערעדט. ערשט אויף מאָרגען, ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי דערציילט אַלץ וואָס מיט איר האָט זיך פאַרלאָפען.

און פון יענעם טאָג אָן איז יעוודאָכאַ פאַרפאַלען געוואָרען און קיינער ווייסט ניט וואו איר געביין איז אַהינגעקומען.

אָט אַזוי דערציילט מען וועגען יעוודאָכאַ'ן. דאָס שטיבעלע שטייט איצט פּוסט. באַנאַכט גייט קיינער דאָרטען ניט פאַרביי, ווייל מע זאָגט אַז אַלע באַנאַכט קומט יעוודאָכאַ צורייטען אויפ'ן בעזים און צינדט אָן די קוילען אין טאָפּ און זעצט זיך אוועק באַם פייער און שעפּטשעט עפּעס מיט אירע דאַרע ליפּען.

און דאָס שטיבעלע פאַלט שוין באַלד איין, דער דאַך, אַז סע קומט אַ ווינט, וואַקעלט זיך און די טירען סקריפּען און קלאָגען. מע זאָגט אויך אַז דער קראָקאָדיל וואוינט אין שטיבעלע אין אַ לאָך.

# ווילים א טאג

(א מעשה'לע פון 25 יאָר אַרום)

די מאַמע האָט געשיקט דעם קליינעם ווילי'ן אין גראָסערי סטאָר איינקויפען 2 פונט צוקער, אַ טוץ אייער, אַ פלעשעל בוימעל און 3 קעסטעלאַך סאָדאַ-קרעקערס. ווילי איז געווען אַ קלוג אינגעלע, מע האָט זיך געקענט אויף אים פאַרלאָזען, קיין סך האָט מען ניט באַדאַרפט צו אים רעדען, ער האָט פאַרשטאַנען אויפ'ן וואונק וואָס מע וויל פון אים.

און אַז די מאַמע האָט אים נאָכאַמאָל געוואָלט איבערזאָגען וואָס ער דאַרף איינקויפען אין גראָסערי, האָט ער אויסגעשריען:

— צו מיר דאַרף מען קיין סך ניט רעדען, מאַ, איין מאָל איז גענוג.

און ווילי איז אַנטלאָפען פריילאַך אין גראָסערי. ער האָט גע-קויפט אַלצדינג, אָבער ווען ער האָט גענומען איבערציילען די פעקלאַך, האָט ער געזען אַז ער האָט נאָר דריי און געדאַרפט האָט ער האָבען פיר. דאָס האָט ער גוט געדיינקט. וואו זשע איז נאָך איין פעקעל? הייסט עס אַז ער האָט איין זאַך פאַרגעסען צו קויפען. אָבער וואָס ער האָט פאַרגעסען, האָט ער ניט געוואוסט. ער לייגט איבער די פעקלאַך נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל, דרייט זיי אַהין און דרייט זיי אַהער און ער קען זיך ניט דערמאָנען. צוקער האָט ער, בוימעל און סאָדאַ-קרעקערס אויך, — וואָס זשע פעלט אים פאָרט? קלאַפט ער זיך אין שטערען: „וואָס פעלט מיר?".

און אַז ווילי האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, איז באַ אים געבליבען אָנצופרעגען באַ דער מאַמען. אָבער גיין אַהיים איז אַ שאַד געווען אי די צייט, אי די שיך, וואָרים פון גיין טראָגט זיך אָפּ די לעדער. האָט זיך ווילי באַרעכענט אַז סע איז גלייכער אָפּצורופען די מאַמען אין ראַדיפאָן. האָט ער אַרויסגענומען פונ'ם וועסט קע-שענע אַ קליין צונויפגעלייגט מאַשינקעלע, האָט עס געעפענט און אַ קוועטש געטון אַ קליין ווייס קנעפּעלע. אין אַ סעקונדע אַרום האָט ער דערהערט דער מאַמעס שטים:

— העלאָ, ווער רעדט עס?

— מאַ, ווילי רעדט. וואָס האָסטו מיר געהייסען קויפען אין גראָסערי? כ'האָב איין זאַך פאַרגעסען...

— אַ, איך האָב דיר געזאָגט דו ועסט פאַרגעסען...

— איך פאַרגעס קיינמאָל ניט, מאַ, אָבער איצט...

— גוט, ווילי, האָסט באַדאַרפט קויפען 2 פונט צוקער, אַ טוץ אייער...

— גענוג, מאַ, — האָט ווילי אויסגעשריען, — איך האָב זיך שוין דערמאָנט וואָס איך האָב פאַרגעסען. אייער, אַ טוץ אייער... גוד באַי, מאַ...

— גוד באַי, ווילי, קום באַלד אַהיים, דאַרפסט נאָך גיין צוריק אין סקול.

ווילי האָט צונויפגעלייגט זיין ראַדיפאָן, האָט אים אַריינגעלייגט אין קעשענע און איז אריינגעגאַנגען צוריק אין גראָסערי. ער האָט געקויפט אַ טוץ אייער און איז געגאַנגען אַהיים.

אַז ווילי איז אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפען די מאַמען אַ צעטראָגענע און אַ פאַרוויינטע. האָט עס אים פאַרקלעמט באַם האַרצען.

— וואָס וויינסטו, מאַ, וואָס האָט געטראָפען? — האָט ער געפרעגט און סע האָט זיך געדאַכט אַז ער וועט זיך באַלד אַליין צעוויינען.

— מע האָט מיר ערשט ראַדיפאָנירט אַז דער זיידע דיינער, מיין טאַטע, האַלט באַם שטאַרבען. מע דאַרף אים אָפּראַטעווען מיט דער "לעבענס מאַשין". און באַ זיי איז אַזאַ מאַשין נישטאָ.

— וואָס זשע וויינסטו, וועלען מיר ברייגגען אַהין די מאַשין און אים לעבעדיג מאַכען. איך קען אַרבייטען אויף דער דאָזיגער מאַשין.

— אָבער מיר האָבען דאָך ניט קיין עראָפּלאַן, דער טאַטע איז דאָך אַוועקגעפלויגען צו דער אַרבייט און ער וועט ערשט צוריק-קומען פאַרנאַכט.

— אַזוי, איך האָב מיין קידי-פלאַן, איינס און צוויי וועל איך דאָרט זיין.

— ביסט טאַקע געראַכט, ווילי, אָבער מאַך עס גיכער, ווייל סע האַלט שמאָל מיט׳ן זיידען. קענסט נאָך אָנקומען צו שפּעט, ווי איז מיר.

— ווי דו קוקסט מיך אָן, — האָט ווילי געזאָגט, — בין איך שוין פאַרטיג.




ווילי האָט גענומען זיין קידי-פּלאַן, די מאַמע האָט געעפענט דאָס פענסטער און איידער מע האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין ווילי געזעסען אין זיין קידי-פּלאַן, די פליגלען האָבען זיך שוין געדרייט און —

— גוד באַי, מאַ, — האָט ווילי אַ פאָך געטון מיט׳ן היטעל.

— גוד באַי, ווילי, ברייננג דעם זיידען צו אונז אויף מיטאָג.

דער וועג צום זיידענס הויז האָט ווילי׳ן גענומען גאַנצע 5 מינוט, וואָרים סע איז געווען אַריבער 100 מייל. ער איז פאַרבייגעפלויגען עטלאַכע שטעט און שטעטלאַך און אַז ער איז געווען ניט ווייט פון׳ם הויז, האָט ער אַרויסגענומען זיין ראַדיפּאָנדעל און אַ קוועטש געטון אַ קליין ווייס קנעפּעלע.

— העלאָ, באָבע, עפען דאָס פענסטער פונ'ם פראָנט צימער, איך פלי אויף מיין קידי- פלאַן און פיר די „לעבענס מאַשין".

— זייער גוט, ווילי, דער זיידע האַלט נאָך אָפען איין אויג...

אין אַ סעקונדע אַרום איז ווילי אַריינגעפלויגען אין פראָנט צימער, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ ביסעל אין הויז אויף זיין קידי-פלאַן און האָט זיך אַראָפגעלאָזט אויפ'ן דיל. ער האָט קיין איין ווייל ניט פאַרלוירען און האָט באַלד זיך גענומען אַרויסנעמען דאָס לעבענס-מאַשינדעל. גרויס איז עס געווען ווי אַ קעסטעל פון שוועבעלאַך, אָבער אַז מע האָט עס צענומען, איז עס געווען פיל גרעסער. סע האָט געהאַט דריי קליינע רערלאַך און איינע אַ גרויסע רער. די קליינע רערלאַך האָט ווילי צוגעלייגט צום זיידענס שוין האַלב פאַרגליווערטע אויגען און צום שטערען און די גרויסע רער האָט ער צוגעלייגט צום זיידענס האַרץ וואָס האָט שוין אויפגעהערט צו קלאַפען. ער האָט אַ קוועטש געטון אַ קנעפעל און דאָס מאַשינדעל האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען. סע האָט געזשומעט ווי אַ פליג וואָלט דורכגעפלויגען.

דער זיידע האָט זיך גענומען רירען, אין געזיכט איז אים געקומען קאָליר, די אויגען האָבען זיך אים געעפענט און די פאַרבלויטע

ליפּען זענען רויט געוואָרען. ער האָט אויפגעהויבען די רעכטע האַנט און אַ גלעט געטון ווילי׳ן איבער׳ן קאָפּ.

— גענוג, ווילי, נעם שוין אַראָפּ די רערלאַך, איך בין שוין לעבעדיג.

ווילי האָט אָפּגעשטעלט דאָס מאַשינדעל, האָט אַראָפּגענומען די רערלאַך פון׳ם זיידענס האַרץ, אויגען און שטערען און געזאָגט:

— טו זיך אָן, זיידע, און קום צו אונז עסען מיטאָג. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט.

— נו, און די באָבע וועט ניט פאַרען? — האָט דער זיידע געפרעגט.

— איך קען אויף מיין קידי-פלאַן נעמען נאָר איין מענשען.

— מיר האָבען אַן אייגענעם עראָפּלאַן, — האָט דער זיידע געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען פון׳ם בעט, — צוליב׳ן מלאך המות האָב איך זיך נאָך היינט אפילו ניט פאַרקעמט, זע ווי צעבאָרשטען איך בין.

דער זיידע האָט זיך פאַרקאַמט די לאַנגע גרויע באָרד, די באָבע האָט זיך פאַרפּוצט אין אַ פיין זיידען קלייד און ווילי האָט דערווייל צורעכט געמאַכט זיין קידי פלאַן, צונויפגעלייגט דאָס „לעבענס מאַשינדעל״ און אָפּגערופען די מאַמען אויפ׳ן ראַדיפאָן און דערציילט איר אַז דער זיידע מיט דער באָבען קומען מיט אים צוזאַמען אויף מיטאָג.

צוריק זענען זיי געפלויגען שוין פאַמעלאַך, וואָרים זיי האָבען זיך ניט געהאַט וואָס צו איילען. ווילי איז געפלויגען פאָרויס אויף זיין קידי-פלאַן און דער זיידע מיט דער באָבען זענען געפלויגען הינטער אים. די גאַנצע צייט האָבען זיי צווישען זיך גערעדט אויף זייערע ראַדיפאָנדלאַך.

— אַי, זיידע, — האָט ווילי געזאָגט, — סע איז שוין צייט זאָלסט ניט זיין איינגעשפּאַרט און זיך איינשפּריצען דעם „יוגענט עליקסיר״. וויפיל איז דער שיעור צו שטאַרבען? ביסט שוין היינטיגען זומער געשטאָרבען מער ווי 8 מאָל.

— אָט דאָס טענה איך דאָך מיט אים, — האָט זיך די באָבע אַריינגעמישט, — נעם און שפּריץ זיך אַריין דעם „יוגענט עליקסיר״

און ווער פטור פונ'ם מלאך המות אויף אַ פּאָר צענדליג יאָר, און ער לאָזט זיך ניט איבעררעדען.

— איך וויים, — האָט דער זיידע געזאָגט, — איך האָב עס אַלץ אָפּגעלייגט, אָבער איצטער וועל איך שוין איינשפּריצען. נאָך היינט נאָכמיטאָג.

דערווייל האָט ווילי געוואָלט אַ שטיקעל שאָקאָלאַד און געווען איז ער מיט זיין קידי־פּלאַן 2000 פוס הויך, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ שטיקעל דראָט, מיט אַ פּעני אָנגעשטעקט באַם עק און האָט דורכ'ן ראַדיפאָנדעל אָנגעזאָגט אַ מאַן, וואָס פאַרקויפט שאָקאָלאַד, ער זאָל אים צוטשעפּען אַ שטיקעל שאָקאָלאַד. אין אַ סעקונדע אַרום האָט שוין ווילי געגעסען שאָקאָלאַד און האָט זיך געקוויקט. דעם זיידען האָט ער געזאָגט:

— איך האָב שטענדיג ליב צו עסען שאָקאָלאַד פונ'ם שטעטעל קענדיסוויל...

זיי זענען געקומען אַהיים, האָבען אָפּגעגעסען מיטאָג און ווילי איז אַוועקגעגאַנגען אין סקול. דאָרטען האָט ער געשפּילט אַ בייז-באָל געים אויף עלעקטריק און האָט געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען אויף ראַדיאָדראָטען. דערנאָך האָבען זיך די קינדער פאַרוועט אין פליען, אין שפּרינגען אויף „דינאָמאָקאַטען” און זיי האָבען זיך געשפּילט אין קאַמער-קאַמער שטראַל. די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם וואָס יעדער קינד האָט געדאַרפט כאַפּען אין אַזאַ מאַשינדעל שטראַלען פון דער זון און דאָס קינד, וואָס האָט געכאַפּט מער שטראַלען, דאָס קינד האָט געוואונען. ווילי האָט געכאַפּט מער שטראַלען פון אַלע אַנדערע קינדער און ער האָט געוואונען.

און אַז ווילי איז אַהיימגעקומען, האָט ער שוין געטראָפען דעם זיידען אַ יונגען, אַ קרעפטיגען און דאָס האָט אים זייער געפרייט. סע איז גוט צו האָבען אַ יונגען זיידען, וואָס האַלט ניט אַלעמאָל באַם שטאַרבען.

— נו, זיידע, וואָס זאָגסטו? איז ניט גוט נאָך דער איינשפּריצונג פונ'ם „יוגענט עליקסיר”? איך האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט און דו האָסט ניט געהערט.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ רוישען פון אַן עראָפּלאַן און

ווילי האָט אזש אָנגעהויבן צו טאַנצן פאַר פרייד און צו פּאַטשן אין די הענט:

— דער טאַטע איז געקומען, דער טאַטע איז שוין דאָ... ער האָט מיר עפּעס געבראַכט אַ שיינע זאַך... ווייז, טאַטע, וואָס האָסטו מיר געבראַכט.

— גאָרנישט, אַ נאַריש שפּילכעל. אַז דו שטעלסט זיך אַרויף אויף דעם, שפּרינגסטו אַרויף 1000 פוס אין דער לופטן און דערנאָך פאַלסטו צוריק. אַז קיין בעסערע זאַך איז ניט געווען צו קויפן...

ווילי האָט גענומען באַם טאַטן דאָס מאַשינדעל, איז אַרויסגעגאַנגען מיט דעם אויפ'ן דאַך און האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דעם, ער איז אַרויפגעשפּרונגען העט ווייט ביז אונטער די וואָלקענס און איז צוריקגעפאַלן.

— נו, ווי געפעלט דיר עפּעס, דאָס מאַשינדעל? — האָט דער טאַטע געפרעגט ווילי'ן ווען ער איז צוריק אַריינגעקומען אין הויז.

— אויף באַנאַכט טויג עס ניט, ווייל אונטער די וואָלקענס איז קאַלט, מע קען פאַרפרוירען ווערן. נאָר אויף באַטאָג איז עס ניט קיין שלעכט שפּילאַכעל...

ווילי האָט זיך געזעגענט מיט'ן טאַטן און מיט דער מאַמען, מיט'ן זיידען און מיט דער באָבען און האָט זיך געלאָזט אַרויסגיין פון צימער. אויף דער טיר איז ער געבליבן שטיין:

— איר ווייסט גאָר וואָס, — האָט ער געזאָגט, — אַזוי ווי סע איז אַ הייסע נאַכט, וועל איך שלאָפן ניט אין דער היים, נאָר אין אונזער ווייַנגאָרטען. דאָרטען איז קיל און גוט צו שלאָפן.

דער ווייַנגאָרטען איז געווען 160 מייל ווייט און ווילי האָט זיך אויסגעטון, האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט און אַ קוועטש געטון אַ קנעפּעל. סע האָט אים גענומען טראָגן און טראָגן און אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין גאָרטען, דאָרטען איז פאַר אים געווען אָנגעגרייט אַ ביידעל געפלאָכטען פון בלעטער און ער האָט זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן.

# וואס אין בוך געפינט זיך:

זייט


משה — 5

שמשון הגבור — 52

מנחם — 91

די גאָלדענע האָר — 116

אין אַ רעגענדיגען אָוועגט — 124

דאָס גאָלדענע קעלבעלע — 128

ביימעלע, ביימעלע — 132

דאָס רויטע אינגעלע — 138

סע לויפט — 142

פערעלע די קליינע — 145

שרעטעלע — 148

די קליינע שיך פוצער — 153

פוסים ערשטער אַרויספאָר איבער דער וועלט — 158

די שוואַרצע קאַץ — 163

אין אַ חנוכה נאַכט — 166

דער פורים שפּילער — 176

אַ מעשה מיט אַ סוכה-שער — 179

דעם ווינטערס שטאָפּעטען — 183
אויפ׳ן גליטש — 187
יאָסעלע מיט די ציגעלאַך — 191
ווי אַזוי כעלעם האָט אָפּגעברענט — 194
כעלעם מאַכט פרילינג אינמיטען ווינטער — 198
ווי אַזוי אַ הויז האָט אָפּגעברענט — 202
כעלעמער קינדער ציילען זיך — 205
אָפּגעשפּאָרט די זון — 205
אָפּגעשטופּט די שול — 206
אַן אינזעל און אַ פיש — 207
רייזעלע, דער ריז און דאָס קליינע מענשעלע — 208
דאָס אינגעלע מיט דער באָרד — 212
די קעניגין-קראָקאָדיל — 216
זעלדע און גאָלדע — 221
שמואל׳עק אין פּאַס — 226
הענדעלע מיט׳ן פענדעלע — 232
פרינץ און פּעט — 238
די ציגיינערין — 242
ווילים אַ טאָג — 248

